דוד פינסקי

# רייזעבוך

ערשטער באנד

## ארץ ישראל

(זומער 1932—זומער 1936)

ארויסגעגעבן דורך

„דוד פינסקי ביכער, אינקארפארירט"

## .1

# דער אַריינפאָר

איז געווען אַמאָל אַ יידישער דיכטער, וואָס האָט געטראָגן אין זיין האַרץ ליבע און בענקעניש נאָך דעם אייביקן יידנלאַנד. אַז די ליבע און בענקעניש זיינען אָנגעשטיגן, האָט ער פאַרלאָזן זיין היים און איז אַוועק, וואוהין זיין האַרץ האָט אים געצויגן. ווען ער איז צוגעקומען צו ארץ ישראל, האָט ער קיין ווייטערן שריט נישט געמאַכט, נאָר אַראָפּגעלאָזן זיך אויף דער געליבטער, אויסגעבענקטער ערד, צוגעבויגט זיך צו איר און אַרויפגעדריקט אויף איר אַ לאַנגן קוש, אַריינקושנדיק אין איר זיין גאַנצע ליבע און בענקעניש. אָבער ער איז שוין נישט אויפגעשטאַנען. אין זיין דבקות־קוש האָט ער נישט געהערט דעם אָנרייטנדיקן אַראַבער, וואָס איז אַרויפגעריטן אויף אים און מיט די קאָפּיטעס פון זיין קרעפטיקן פערד צוגעדריקט אים צו דער ערד, וועלכע ער האָט אַזוי געליבט, און צודריקט אים אויף טויט.

האָט דער אַראַבער דעם גוף פון דעם דיכטער צודריקט און געטויט, אָבער נישט זיין בענקעניש און ליבע. זיי האָבן ווייטער געלעבט און זיינען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

פאָרן דעם דיכטערס אייניקלעך נאָך ארץ ישראל, געטריבן פון ליבע און בענקעניש אין זייער האַרצן. ווען זיי וועלן אָנקומען, וועלן זיי זיך אַראָפּלאָזן אויף דער געליבטער, אויסגעבענקטער ערד און אַרויפדריקן אויף איר אַ דבקות־קוש. אָבער זיי וועט שוין קיין רייטנדיקער אַראַבער נישט צודריקן. זיי פאָרן מיט דער באַן, און די אייניקלעך פון דעם אַראַבישן רייטער, וואָס האָט צודריקט זייער זיידן, זיינען זייערע באַדינער און געפּעקטרעגער, און פאַר אַ פּיאַסטער באַקשיש שטייען זיי

שמירה און היטן, אז קיינער זאָל נישט צוקומען צו נאָנט צו די אייניקלעך פון דעם אַלטן יידישן דיכטער.

אין די קופּעים פון דעם וואַגאָן איז זייער ענג. א סך אראַבישע פּאַסאַזשירן וואַלגערן זיך אויף דער דיל פון דעם וואַגאָן אין שטויב און אין שמוץ, אָבער די אייניקלעך פון דעם אַלטן יידישן דיכטער פאַרן גרוים און הרחבהדיק. אַן אראַבישער סאָלדאַט, אַן אייניקל פון דעם אראַבישן רייטער, היט אָפּ זייער קופּעי, לאָזט קיינעם נישט אריין.

אָ, זיי האָבן נישט מורא פאַר אַן אָנרייטנדיקן אראַבער! ווען דער צוג וועט דערגרייכן די גרענעץ פון ארץ ישראל, וועלן זיי אַרויסשטייגן פון וואַגאָן, אראָפּלאָזן זיך אויף דער ערד, צובויגן זיך צו איר און אַריינקושן אין איר זייער ליבע און בענקעניש. אָבער וואו איז די גרענעץ? ווער קאָן זיי זאָגן, וואו עס הייבט זיך אָן ארץ ישראל?

זייער היטער, דער אראַבישער סאָלדאַט, ווייס גאָרנישט פון געאָגראַפיע, פון לענדער און גרענעצן. דער אראַבישער קאָנדוקטאָר דערקלערט, אַז מ׳איז שוין אין פּאַלעסטין. דאָרטן, וואו עס הערט אויף מצרים, הייבט זיך אָן פּאַלעסטין.

דעם קאָנדוקטאָרס ווּיסן ווערט נישט אָנגענומען. ער האָט קיין חומש נישט געלערנט און ווייס נישט, אַז ביים ארויסגאַנג פון מצרים הייבט זיך אָן דער מדבר, אין וועלכן משה האָט ארומגעפירט די יידן גאַנצע פערציק יאָר אויפן וועג צום פאַרשפּראָכענעם לאַנד.

א ייד, וואָס ווייס, דערקלערט אויטאָריטעטיש, אַז די גרענעץ פון ארץ ישראל ליגט ביי עזה, ביי דער שטאָט, וועלכע שמשון הגבור האָט באַרימט געמאַכט.

דאָס ווערט אָנגענומען. די גרענעץ איז שוין באַשטימט. עזה. ווען־זשע קומט מען אָן אין עזה?

פינף א זייגער אין דער פרי. עס וועט שוין זיין זייער העל, און די געגנט וועט ליגן ווי אַן אָפן בוך, באַגאָסן מיט ליכטיקייט, ווייל שוין צוויי א זייגער ביי דער נאַכט הייבט אָן ליכטיק צו ווערן.

קלאָפּן די הערצער פאַר פרייד און דערוואַרטונג, און מען

באשליסט אויף צו זיין, די גאנצע נאכט נישט צו שלאפן. אין דער אנשטייגנדיקער ליכטיקייט צווישן צוויי און פינף וועט מען באקוקן דעם מדבר, אין וועלכן די יידן האבן ארומגעוואנדערט. אין די שאטנס פון פארטאג וועט מען קאנען אריינפאנטאזירן די מידע ארומבלאנדזשער פון דעם דור המדבר, וואס האבן דא איבערגעלאזן זייער געביין. ווער ווייס? אפשר שטייען זיי אויף חצות און בלאנדזשען ווידער ארום אין אייביקער שטראף, ווייל זיי האבן נישט געוואלט דאס לאנד, וואו עס האט אויף זיי געווארט אויסגעלייזטקייט און זעלבסטשטענדיקייט.

מיט די פנימער צוגעקוועטשט צו די שויבן האט מען ארויסגעקוקט אין דער העלער נאכט דרויסן. א ווייסער דרויסן. דער מדבר ווייט און ברייט ווי מיט שניי באדעקט. דער געלער זאמד אין שיין פון דער לבנה האט אויסגעזען ווי שניי, און ווי שניי אין א זאווארוכע, האט ער באלד פארשאטן די שויבן, צוגעקלעפט זיך צו זיי, געריסן זיך אין קופעי, געקוקט אויף די פאסאזשירן מיט געלער בייזקייט, געזוכט א שפאלט, דורך וועל־כער ער זאל קאנען אריינרייסן זיך אין וואגאן און אריינקריכן אין די אויגן, אין נאז, אין די לונגען. ווי גאנצע פלאכטעס פון מאסקיטאס האט ער באלייגט די שויבן און באלד פארשטעלט דעם אויסבליק אין דער ווייסער מזרח־נאכט.

האט מען זיך נאך שטארקער געדריקט צו די שויבן און אנגעשטרענגטער געקוקט. אבער מען האט מער גארנישט געזען, ווי נאר דעם פליענדיקן זאמד, וואס האט געקלאפט אין די שויבן, און א לויפנדיקע ליידיקע ווייטקייט.

פארוואס איז עס נאך פינסטער? שוין צוויי א זייגער... פארוואס ווערט נישט ליכטיק? שוין דריי א זייגער... שוין פיר א זייגער — וואו איז דער טאג?

דער טאג־אנזאגער האט געמאכט א טעות. ערשט ווען די ווייזערס פון די זייגערס האבן זיך פארנומען אויף דער פינפ־טער שעה, האט אנגעהויבן צו טאגן.

זיי באגריסט, טאג, וואס וועט אונז באהעלן דאס לאנד, וואס מיר קענען נישט און ליבן אזוי אומענדלעך! וואס העלסטו אונז אויף?

הימל און זאמד, הימל און זאמד... זאמד, זאמד, זאמד...

וואס זיינען דאס פאר־א נידעריקע טונקעלע געצעלטן אין מיטן דעם זאמד־ים? ווער זיינען דאס די שווארצע געשטאלטן, וואס זיצן אין קרייז פאר די געצעלטן? רויבער אין דער נאכט? פארשווערער? קאנטראבאנדיסטן?

מעגלעך, אז אלץ צוזאמען. דאס זיינען בעדואינער.

אייניקלעך פון דעם, וואס איז ארויפגעריטן אויף אונזער זיידן?

אפשר.

ווען מיר וואלטן איצטער ארויסגעגאנגען צו קושן די ערד... זיי וואלטן גאנץ רואיק ארויפגעריטן אויף אייך.

אבער מיר זיינען נאך נישט אין ארץ ישראל! מיר זייענען נאך אין מדבר!

איר זייט שוין א שטיק אין ארץ ישראל און ווערט נאך א סך ווייטער אריינפארן, און איר ווערט נאך אלץ זען דעם מדבר. די בעדואינער ליבן דעם מדבר און נעמען אים מיט זיך, וואיהין זיי גייען. עס מאכט נישט אויס, אין וואס פאר א בליענדיקן ארט זיי וועלן אריינקומען, באלד ווערט אנקומען נאך זיי דער מדבר מיט זיין זאמד און פארדעקן גראז און פלאנצן און בוימער, פארשטאפן די וואסער־קוואלן, פארשיטן די טייכן. עס וועלן זיך אנמערן טויטלעבע זומפן אלס זכר פון געוועזענער וואסערדרייכקייט, און אויפן זאמד וועלן אויפבליען דערנער און קאקטוסן. דעמאלט זיינען די וואנדערקינדער פון אראביע ביי זיך אין דער היים. די דערנער זיינען שפייז פאר זייערע קעמלען, די קאקטוסן זיינען די צוימען ארום זייערע פעלדער און גערטנער, די טויטלעבע זומפן זיינען דער אויפהאלט־פלאץ פון זייערע זשאמוסן — אזא מין פי, אויב איר ווילט וויסן. ווען איר ווערט איצטער ארויסגיין צו קושן די ערד פון אייער היים געליבטן לאנד, ווערט איר קושן דעם זאמד פון מדבר, פארשלעפט אהער פון א פאלק, וואס ליבט דעם מדבר און ליבט נישט דאס לאנד... נאר דער הימל איז געבליבן דערזעלביקער, דער אייגענער אין אלע אייביקייטן, דער הויכער, וואונדערלעכער הימל פון ארץ ישראל. אים האבן די אראבער נישט געקאנט פאר־

מדבר. אים מעגט איר קושן, אויב איר קאָנט אים דערלאַנגען...

מען איז שוין אַ פּאָר שעה אין די גרענעצן פון ארץ ישראל, אָבער קיינער רירט זיך נישט פון אָרט, קיינער גייט נישט ארויס אויסצוציען זיך אויף דער ערד און קושן זי, נאָך וועלכער זיי האָבן אַזוי געבענקט. ווי באַנומען זיצט מען ביי די פענסטער און קוקט אַרויס אין דעם מדבר, דעם מיט זאַמד און דערנער באַדעקטן. אויך ער האָט זיך זיין שיינקייט, אָבער ווער איז איצטער פּעאיק אויפצונעמען זי און געניסן!

אָט ציט זיך אַ קאַראַוואַן. אַ לאַנגע שורה קעמלען. קעמל הינטער קעמל, קעמל הינטער קעמל, מיט אַראָבער וויגנדיק זיך אויף זייערע האָרב־רוקנס אָדער גייענדיק ביי זייער זייט... מדבר־שיפן, געפירט פון מדבר־מענטשן, שלעפּנדיק דעם מדבר ווייטער אין שטעט און דערפער.

אַ גערדיכטע שוואַרצקייט באַוועגט זיך אייליק אין דעם געלן זאַמד. דאָס איז אַ סטאַדע שוואַרצע העסלעכע ציגן, מיט צוקרייטע, צודרייטע הערנער, וואָס ציען זיך אַראָפּ פאַרביי די לאַנגע אויערן. זיי שטופּן זיך אין אייַלעניש און מורא פאַר דעם דורכלויפנדיקן צוג, און אַ העסלעכע צווייפיסיקע שוואַרצקייט לויפט נאָך זיי נאָך מיט אַן אויפגעהויבענעם שטעקן. מוז דאָ אַלץ שוואַרץ זיין? מוז דאָ אַלץ פאַרשוואַרצט ווערן?

אָט איז אַן אַראַביש דאָרף. נידעריקע ליים־הייזלעך, מיט די ווענט אָן פענסטער צום דרויסן. ווי זיי וואָלטן אונטערגעשטעלט זייערע רוקנס צום אָנקומענדיקן מדבר: „נאַ, קריך! קריך איבער אונזערע איינגעבויגענע רוקנס!...”

אַן איבלקייט האָט אָנגעפילט די קופּעי. וואָס איז דאָס פאַר אַ שרעקלעכער געשטאַנק?

ער קומט פון דעם אַראַבישן דאָרף. אָבער איר דאַרפט אים קענען פון די דערפער אין בעסאַראַביע און אוקראַינע. ער נעמט זיך פון דער הייצונג מיט דעם אַפּפאַל פון פי. די לופט פון ארץ ישראל נעמט אים אויף און פאַרשפּרייט אים אויף אַ ווייטן מהלך אַרום און אַרום...

די הערצער קלעמען. עפּעס אַ צער האָט אַלעמען אָנגעפילט, דער צער פון אַנטוישונג. איז דאָס דאָס לאַנד פון זייער בענקעניש? האָבן זיי נאָך אַ מדבר געבענקט, נאָך זאַמד און דערנער און

זומפּן און העסלעכן עיפּוש? וואָס פאַר אַ צוקונפט קאָן מען דאָ דערוואַרטן? ווי קאָן מען אַזאַ לאַנד באַפעלקערן?

איינער האָט געהאַט אַ געליבטע, אָבער פיינט האָבן זי אַוועקגענומען ביי אים און אים אַליין פאַרטריבן אין ווייטן גלות. ער האָט זי נישט אויפגעהערט צו ליבן, געבענקט נאָך איר און ענדלעך אַרויסגעריסן זיך פון זיין פאַרטריבנהייט און איז אַוועק צו איר צוריק. אָבער ער האָט נישט געוואוסט, אַז אַ העסלעכע קרענק, וועלכע זי האָט אָפּבאַקומען פון די פאַרגע־וואַלטיקער, האָט איר צועסן דעם קערפּער, פאַרמיאוסט איר געזיכט, איר אָטעם פאַרוואַנדלט אין גיפט און טויט... וועט ער זי קאָנען אויסהיילן מיט זיין ליבע? וועט ער געזונט מאַכן אירע גלידער? וועט ער איר אומקערן איר שיינקייט?

ערגעץ־וואו אין דער ווייטקייט, דעכטס פון דעם לויפנ־דיקן צוג, דאַרף ליגן אַ יידישע קאָלאָניע, אַן אָאַזיס אין דעם מדבר.

מען האָט זיך אָנגעשטרענגט צו כאַפּן אַ קוק. אָבער מען האָט געזען בלויז געלן זאַמד. ווייטע, ברייטע זאַמדפלאַכן, אָבער אויך שוין זאַמד־בערג.

די זון האָט שוין געמאַכט אַ גרויסן שפּריין איבער דעם הערלעכן הימל, אָבער זי האָט באַהעלט נאָר געלן זאַמדיקן עלנט, האָפנונגסלאָזיקייט, אונטערגאַנג, מייל נאָך מייל, מייל נאָך מייל...

לינקס אין דער ווייטקייט האָט אַ גרינקייט אויפגעשפּראָצט, צוואוואַקסן, צובליט, צושפּרייט זיך. וואָס פאַר אַן אָפּרו פאַר די אויגן! ווי קומט זי אַהער? איז עס אַן אָאַזיס? איז עס אַ פּלאַץ, וואָס איז נאָך נישט חרוב געוואָרן? האָט דער מדבר אַהין נאָך קיין צוטריט נישט געפונען?

טיפער פאָרט אַריין דער צוג אין גרינקייט. בוימער! בוימער! אייקאַליפּטוס־בוימער, אָראַנזשנבוימער...

סטאַנציע רחובות. די ערשטע סטאַנציע פון דעם נייעם יידישן ישוב.

הערצער האָבן אויפגעקלאַפּט, אויגן זיינען אָנגעפילט גע־וואָרן מיט פריידנטרערן...

ער וועט! ער וועט! ער וועט זי געזונט מאַכן!...

## 2.

# תל אביב

די ערשט־געבוירענע, פון זאמד ארויסגעשפּרונגענע, זון־באגאָסענע, ים־באקושטע, אין לידער באזונגענע, שטענדיק וואקסנדיקע, איינציק־יידישע, פּלאנלאָזע, סטיללאָזע, העסלעכע, הערלעכע, וואונדערלעכע —

תל אביב!

מיט פינאונצוואנציק יאָר צוריק — א פּאָר איינצלנע הייזער, אויפן זאמד נישט ווייט פון ים, אין צפון פון יפו. זומער־וואוינונגען פאר עטלעכע פארמעגלעכע, וואָס האָבן נישט געקאָנט עטעמען מיט דער אראבער־לופט פון דער אלטער שטאָט. גאָר באלד — פאָרשטאָט פון יפו, די שענסטע אין גאנצן לאנד. און אָט — גרויסע זעלבסטשטענדיקע יידנשטאָט, באוואוינט פון יידן, רעגירט פון יידן, באשיצט פון יידן, בארוישט פון יידישן רעש, געבויט פון יידישע הענט, געשפּייזט און גענערט אין יידישן שווייס...

תל־אביב!

לאנג און שמאָל, א פארקלענערטע קאָפּיע פון מאנהעטן אינזל, אויף וועלכער ניו יאָרק שטייט. ווי אין ניו יאָרק, לאנגע גאסן פון דרום נאָך צפון, קורצע גאסן פון מזרח נאָך מערב. אספאלט־באדעקטע גאסן, באזוימט מיט אָפט גאנץ ברייטע, אָפט גאנץ שמאָלע טראָטוארן. און ווי אין ניו יאָרק, איז דרום פול מיט דעם רעש פון האנדל און קרעמעריי און ארבעט, אָבער צפון פירט א שטיל און רואיק לעבן און פארלויפט זיך ענדלעך אין זאמד — אין דעם זאמד, וואָס האָט זיך אמאָל פארשפּרייט

ביז אראָפּ צו יפו און ווערט איצטער אַלץ ווייניקער און ווײ־ניקער. ערשט האָט ער זיך געגעאָלדיקט אונטער דער זון, שווער געמאַכט די טריט פון דורכגייער, געבלענדעט די אויגן, און אַט שטייט שוין אויף אים אַ הויז, און נאָך אַ הויז, באַלד שוין אַ „שכונה". אַ גאַנצער קוואַרטאַל פון הייזער!

איין־ און צוויי־ און דריישטאָקיקע בעטאָנהייזער, פון פאַר־שיידענע סטילן און סטיליזאַציעס, שאַפונגען פון יידישע אַר־כיטעקטן, וועלכע האָבן דאָ געפונען פרייע מעגלעכקייטן פאַר זייערע קינסטלערישע עקספּערימענטן. הייזער ווי שיפן, הייזער ווי טורעמס, הייזער ווי גרויסע רוסישע אויוונס אָדער ווי קליינע רוסישע לעזשאַנקעס, הייזער ווי אָפענע מיילער פון רי־זיק־גרויסע חיות, גרוי און ברוין און רויט און געל, קיילעכדיק, שפּיציק, עקיק, ווינקלדיק, אַרויסגערוקט צום גאַס, אַוועקגערוקט פון גאַס, מיט גאָרטנס און אָן גאָרטנס, דאָך כמעט אַלע באַ־בלומט, באַפּוצט מיט גרינס...

אָ, תּל אָביב! דו וואונדערשטאָט! דו אויפקום־שטאָט! דו גאולה־שטאָט!

ווי ווערט איינעם גוט צו מוט, ווען ער שטעלט־אַראָפּ צום ערשטן מאָל זיין פוס אויף דיין ערד! אַ פרייד נעמט אים דורך, אַ מאָדנער כח פילט אים אָן, אַ זיכערקייט, אַ פעסטקייט, אַן אָפּאָטעמען... באַפרייאונג! אויסלייזונג!

די מענטשן אין דיינע גאַסן — יידן אַ שעה נאָך דער גאולה, אַ שעה נאָך משיחס אָנקום. כאָטש הערשט נאָך, אַן אומזיכערקייט וועגן פּרנסה, די ברויט־צוקונפט איז נאָך אומ־באַקאַנט. אָבער איינס ווייסן זיי: זיי זיינען אויסגעלייזט! זיי זיינען ביי זיך אין דער היים! זיי זיינען מיט מענטשן גלייך!

ווי ליבן זיי דיך אַלע! זיי זיינען שטאָלץ אויף דיר, שטאָלץ אויף זיך אַליין. אין זייער קלוגהייט האָבן זיי דיך אויפגעבויט, ווייל דו ביזט געוואָרן זייער זעלבסטשטענדיקייט, אַ קוואַל פון קראַפט און זיכערקייט און זעלבסטבאַוואוסטזיין.

געוויס, פּאַריז איז שענער, און ווין איז שענער, און אומ־ציילינקע אַנדערע שטעט זיינען שענער און פּראַכטפולער. אָבער אין ערגעץ שטראַלט נישט דער ייד אין זיין אויסגעלייזטקייט,

ערגעץ טראַגט ער גישט אַזוי גלייך זיין קאָפּ, ערגעץ קלינגט נישט אַזוי פעסט זיין טראָט...

ווי מיט געזאַנג איז אָנגעפילט דיין לופט, און דער גאַנג פון דיינע איינוואוינער איז ווי טאַנץ.

יאָ, זיי זינגען און טאַנצן אין דיינע גאַסן, דער עיקר דיין וואונדערלעכע יוגנט, דיינע בחורים אין קורצע הויזלעך און האַלבע אַרבל און דיינע מיידלעך, וואָס פּוצן זיך אַזוי ווייניק און פאַרבן זיך נאָך ווייניקער און זיינען דאָך אַזוי מלא חן. אַרבעטער־בחורים און אַרבעטער־מיידלעך, וועלכע קענען נישט מער די נאָענטסטע פאַרגאַנגענהייט און קוקן מוטיק אין דער צוקונפט.

אין ברייטע שורות, דורכגעפלאָכטן האַנט אויף רוקן, מאַר־שירן זיי אין דיינע גאַסן, זיך צוזינגענדיק צום טאַקט. פרייע קולות פון פרייע הערצער. יום־טוב־קינדער, ווייל פרייהייט איז יום־טוב, זיכערקייט איז יום־טוב, מוט איז יום־טוב, ליכטיקע דערגרייכונג איז יום־טוב.

אָדער אָט צושטעלן זיי זיך אין אַ געפלאָכטענעם ראָד אין מיטן פון דיינע גאַסן און טאַנצן די „הָאָרא", דעם טאַנץ פון איינקייט און געשלאָסנקייט. זיי ליגן אין אים אַריין זייער גאַנצע ענערגיע און זייער גאַנצן ענטוזיאַזם און קומען פון אים אַרויס נאָך ענערגישער, נאָך ענטוזיאַסטישער, יונגע יידן, וועלכע פילן זיך ווי ריזן, ווייל זיי טרעטן אויף זייער אייגענער ערד.

מחנות, מחנות ציען זיי זיך צו דיין ים, וואָס טוליעט און לאַשטשעט זיך צו דיינע ברעגן אַזוי שפּילעוודיק שטיפעריש. באַלד זיינען זיי דאָ ווי זאַמד אויפן ברעג. לוסטיקע, לאַכנ־דיקע, גליקלעכע, פול מיט שפּיל און ספּאָרט. אַ לעבן אויף זיי! ווי זיי שווימען, ווי זיי שפּרינגען, ווי זיי לויפן, ווי זיי רייטן! דער לאַנגער ים־ברעג ווערט אַ רייט־פּלאַץ, און שווינדעליק און קאָפּברעכעריש גייט אָן דאָס שפּיל פון יאַ־געניש און אַריבעריאָגעניש.

„קוני איילנד," זאָגט אַריין אַ ניו־יאָרקער ייד.

אָ, לאָז אים דיך נישט באַליידיקן! לאָז אים נישט באַ־ליידיקן דיינע קינדער אויפֿן ברעג פֿון דיין ים.

אין קוני אײלנד ביים ים וועסטו געפֿינען אַ סך מער יידן וויפֿיל דו פֿאַרמאָגסט און האָפֿסט צו פֿאַרמאָגן. אין קוני־אײלנד ביים ים זיינען זיי טאַקע ווי דער ביבלישער זאַמד אויפֿן ברעג. און אויך דאָרטן לעבן זיי זיך אויס פֿריי אין שפּיל און ספּאָרט. אָבער קוני אײלנד איז וואולגאַריטעט, קוני אײלנד איז ביליקייט, איז שפּאַט, איז בייזער וויץ, איז זידל־וואָרט. אַ פֿרעמדער גייט־דורך, און זיין בליק איז פֿאַראַכטונג.

דיין ברעג איז אויפֿקום, שטאָלצע דערוואַכונג, יובעלנדיקע באַפֿרייאונג, דערהויבנקייט. אָן אויפֿגעלעבט פֿאָלק האָט אויפֿ־געלעבט דאָס לעבן, האָט דאָס לעבן לעבעדיק געמאַכט. אַ פֿרעמדער גייט דורך און זיין בליק איז באַוואונדערונג אפשר נישט געוואָלטע, אפֿשר — קנאה...

זעסט, אָט ווייס איך נישט, וואו דיין בית־עולם. עס איז אַזויפֿיל לעבן און אויפֿלעבן אין דיר, אַז מ׳פֿאַרגעסט דעם טויט און זיין רו־אָרט.

דאָך — נישט אַלץ איז שיין און פֿיין אין דיר, נישט אַלץ ווי עס האָט געדאַרפֿט זיין. דיין ייד איז אויסגעלייזט און פֿריי פֿון גלות, אָבער גאַנץ אָפֿט איז ער נאָך נישט אויס־געלייזט און פֿריי פֿון זיך אַליין. אין דיין הערלעכער זוניקייט האָט ער אַריינגעבראַכט אַ סך אַלטן שימל; אין דיין פֿרישקייט, אָ, וויפֿיל צופֿוילטקייט!

די שרעקלעכע איינפֿאַלעניש, אין וועלכע דיין אָרעמקייט וואַרעמט, די עלנדע ביידלעך פֿון אַלטן פֿאַרראָסטיקטן בלעך און צופֿוילטע ברעטער און שטיקלעך גלאָז, העסלעכע שווידערהאַפֿ־טע סוכות, אָנגעשטעלטע אויפֿן נאַקעטן זאַמד, אין שאָטן פֿון אַרומיקע מויערן — ווי לאַנג וועסטו זיי נאָך לאָזן שטיין? טוען דיינע אויגן נישט וויי פֿון זיי? טוט דיין האַרץ נישט וויי אויף די, וואָס פֿוילן אין זיי?

ווי אומווירדיק איז דער קאַמף פֿון דיינע באַזיצנדיקע קלאַסן קעגן דיינע פּראָלעטאַריער! אויסגעלייזטע טראָגן מיט זיך קנעכטשאַפֿט, צווימען פֿאַרן אָרעמען אַרבעטער, רעכט־

באגרענעצונגען, וואל־רויב. זאכן, וואס זיי האבן אפגעקוקט ביי די הערשנדיקע קלאסן פון אנדערע פעלקער. ביי די ענג־לישע טארים, די דייטשע יונקערס, די פוילישע פריצים. פארוואס האט די גרויסע פרייד פון אויסגעלייזטקייט נישט אויסגעפילט זיי אזוי, אז זיי זאלן זיך שעמען צו וועלן אונטערדריקן?

און ווי פארקרעמערט דו ביזט! קראם אויף קראם, גאסן און גאסן מיט קראמען, קליין־קליין־קלענער, עס שווינבלט און גריבלט פון זיי... דאס האט דיר נישט געטארט געשען. און זיכער האסטו נישט געדארפט דערלאזן, אז דיין גאס, וועלכע טראגט דעם נאמען הערצל, זאל אזוי פארקראם־פעסטעט ווערן. עס איז ווייניק צו ערן דעם נאמען פון א פאלקס־העלד, מ'דארף ערן אויך זיין גייסט. וואס פאר א סימבאל איז איצטער דיין הערצל־גאס? וואס פאר א שייכות האט זי צום גייסט פון דעם זעער און וועקער?

עפעס צופיל פראצענטניקעס — פראצענטניקעס פון דעם ביזעסטן סארט, האבן זיך אריינגעווארעמט אין דיר, ווי פיאווי־קעס און ווערים! באפרייטע גלות־יידן, וואס טוען ווי יענע מדבר־מענטשן, וועלכע שלעפן מיט זיך דעם מדבר. זיי ווייסן נישט, ווי זיי דערנידעריקן דיך!

א, אלטס, אלטס, א סך אלטס גייט נאך ארום איבער דיינע גאסן! פארצייטיקס, אלטע יארהונדערטער, — אנא־כראניזמען, טויטע, וואס האבן נאך זייער רו נישט געפונען. פארוואס האסטו נאך פאר זיי אזויפיל דרך־ארץ?

א, תל אביב!

און א פארק וואו איז? דיר פעלט א פארק! ווייסט — א שטאט־גארטן, מיט א סך הויכע געדיכטע בוימער, וואס וואלטן געווארפן קילנדיקן שאטן אויף די אלייען אונטער זיי און אויף די בענק אין די אלייען. בענק, אויף וועלכע עס וואלטן זיך פאררוט דיינע ארבעטער און דיינע קינדער, און עס וואלטן געזעסן דיינע שריפטשטעלער, וואס מוזן איצטער שטיין אויף די גאס־עקן אדער דורכשטופן זיך אויף ענגע טראטוארן אין געשפרעך איבער תורה און קונסט און קיבעץ. און צווישן די אלייען איינע א זייטיקע,

אפגעזונדערטע, שטארק שאָטנדיקע, וואָס אויף אירע בענק וואַלגערן
זיך פאררוט די בחורים אין די קורצע הויזלעך און האַלבע
אָרבל און די מיידלעך, די נישט־אויסגעפּוצטע אָבער באַחנטע
מיט זיבן חנען, וועלכע יוגנט האָט און ליבע גיט צו...

און דיר פעלט... אָבער צו וואָס אויסציילן דיינע פעלערן?
פלעקן אויף דער זון, פלעקן אויף דיין זוניקייט. דיין זוניקייט
ווערט פון דעם נישט קלענער. מ'מערקט קוים די פלעקן —
מ'איז פארשיכורט פון דיר, כאָטש דיין געטראַנק איז בלויז
גאַזאָז — רוישיק, שפּריציק, גאַזיק סאָדע־וואַסער.

צו א געליבטער ביזטו געגליכן, תל־אביב. יונג און שיין,
און קרעפטיק, מיט ברענענדיקע שרפענדיקע אויגן, מיט אויפ־
עסנדיקן פייער אין אַלע באַוועגונגען, וועגנוס, אַן ארויסגע־
שפּרונגענע פון זאַמד... ווי קאָן דער געליבטער זיך אָפּשטעלן
אויף פגימות?

אָ, תל אביב!

## 3.

# ירושלים

„ציון, וועסטו נישט פרעגן, וואָס מאַכן דיינע געפאַנגענע קינדער?"

זיצט אַן אַלטע אוראַלטע פרוי, הונדערטער און טויזנטער יאָרן אויף איר געזיכט, אויף אירע הענט, אין איר גאַנצער האַלטונג. איר רוקן איז נישט איינגעבויגן, נישט אויסגעקרימט, אָבער אירע גלייכע האַלטונג איז פאַרגליווערטקייט, פאַרשטיינערונג, איז צייט צייטלאָז געמאַכט. אירע אויגן זיינען אָפן, אָבער זיי קוקן ווייט אין דער צייט, אין איר יוגנט, אין איר ווייטן אַמאָל, און זעען גאָרנישט פון דעם, וואָס קומט איצטער פאַר איר פאָר. אירע אויערן הערן, אָבער נישט די שטימען, וואָס רופן איצטער צו איר, נאָר די שטימען פון איר אורצייט, וועלכע זיינען פאַרשטיינערט אין איר זכרון.

זי וועט נישט פרעגן, וואָס מאַכן די קינדער, וועלכע זיינען אוועקגענומען געוואָרן פון איר. זי ווייס פון זיי נישט מער. זי געדענקט זיי נאָר פון אַמאָל. אפשר איז זי טאַקע אריינגעפאַלן אין איר פאַרגליווערטקייט אין דעם טאָג, ווען מען האָט אירע קינדער ביי איר אוועקגערים. אפשר קוקן דאָס אריבער אירע אויגן צו יענעם טאָג. אפשר איז אין אירע אויערן פאַרשטיינערט געוואָרן דער לעצטער מאַמע־אויסגעשריי פון אירע קינדער. מער געדענקט זי זיי נישט.

„פרעג דאָך, דו אין פייער פאַרברענטע, וואָס מאַכן דיינע טרויערער, וואָס גלוסטן צו רוען אין הויף פון דיינע מויערן!"

ציון־ירושלים שווייגט. איר איז אַלץ איינס, ווער עס רוט

אין די הויפן פון אירע מויערן. זי איז נישט מער זי. זי איז אן אנדערע, אן אומגעביטענע.

אלט־ירושלים — ירושלים העתיקה — איז נישט מער ירושלים פון דעם יידישן אמאָל, די הויפט־שטאָט פון יידישע מלכים און נביאים, די וויג פון וועלט־אידעאַלן. טיטוס האָט זי צושטערט, געמאַכט מיט דער ערד צו־גלייך. איבער הונדערט יאָר איז זי געווען א הויפן שטיינער און אש און מיסט, א פּלאַץ פאַר פוקסן און שאַקאַלן און אנדערע חיות פון מדבר. דער קייסער אדריאַנוס האָט זי ווידער אויפגעבויט.

די איצטיקע אלט־ירושלים איז די שטאָט פון אדריאַנוס און פון נאָך אדריאַנוס.

א לאַבירינט פון זייער שמאָלע געסלעך, א געמיש פון ענגע דורכגענג, א געדריי און געקרים פון טרעפּ־אַרויף און טרעפּ־אַראָפּ, א דורכשטופּעניש דורך שטינקענדיקער, שמוציקער ענגשאַפט, ארומגענומען מיט הויכע פעסטונגס־ווענט, אָנגעפילט און באַרוישט מיט מענטשן־קינדער פון אלע לענדער און פעלקער, געצויגן אהער דורך זייערע גלויבנס און אבערגלויבנס.

וואוינען צווישן די דאָזיקע פעסטונגס־ווענט א סך יידן. יידן, וואָס זיינען געקומען נישט צו לעבן און אויפצולעבן, נאָר צו שלאָפן זייער לעצטן שלאָף אין דעם קאַלטן שויס פון דער פארגליווערטער מוטער. זיי אליין — אלט און פארגליווערט. לעבן זיי א לעבן פון שלאָף, דערשלאָפן זיי זייער לעבן. אין מיסט און שמוץ און געשטאַנק. וואָס מאַכט עס אויס, ווי מ׳דערשלאָפט דאָס לעבן.

אָ, די יידן פון דעם יידנגעסל! זיי קרעמערן, רוישן, האַוועון, טומלען זיך אין דערשטיקנדיקער ענגשאַפט, אין אומגלויבלעכן שמוץ, פּרובירן און מערן זיך, אָבער זיי לעבן דאָך נאָר אום צו שטאַרבן אין דער הייליקער שטאָט און באַגראָבן צו ווערן אין דער הייליקער ערד, כדי ווערים זאָלן זיי נישט עסן נאָכן טויט, ווי זיי האָבן זיי געגעסן פארן טויט. דערפאַר בויען זיי זיך קיין הייזער נישט. דערפאַר לעבן זיי

נאָר אין הייזער, וועלכע אראבער בויען, אום צו האָבן הכנסה פון שטאַרבנדיקע יידן.

נאָר איין שטיקל בנין איז געבליבן אין אַלט־ירושלים פון דעם יידישן אַמאָל. דער כותל מערבי, די מערב־וואַנט פון דעם פאַרברענטן, צושטערטן בית המקדש. נישט־יידן רופן זי: די געוויין־וואַנט.

אין אַ שמאָלן, שמוציקן ברעקל־געסל שטייט זי, איינגע־ענגט, איינגעשלאָסן, פאַרשטעלט. ווי געפינט מען גאָר דעם וועג צו איר אין דער פאַרלאָרנקייט פון די דורכגענג און געסלעך, אין דעם געדריי פון די אַרויפּס און אַראָפּס! אָבער אין שטראָ־מען קומען יידן צו איר, שפּאַרן־אָן זייערע קעפּ אָן אירע קאַל־טע גלייכגילטיקע שטיינער, שטופּן קוויטלעך אין דעם שטויב פון אירע שפּאַלטן, וויינען פאַר איר אויף ברויט צו עסן, רפואות צו זייערע קרענק, קינדער אין זייער קינדערלאָזיקייט, חתנים פאַר זייערע טעכטער... געדרענג, שטופּעניש, שפּאַרעניש... יידן דאַוונען דאָ אין מנינים, שאָקלען זיך, וואַרפן מיט די הענט, שרייען, איבערשרייען זיך, רייסן זיך מיט געפילדער אין די טויערן פון הימל, וואָס זיינען אָט די וואַנט. אַן אַראַבער־אייזל שרייט אַריין, שרייט־מיט מיט זיין שרעקלעכן, נערוון־רייסנדיקן קיי־הוסט־געשריי, און בעטלער און שנאָרער בענטשן, שעלטן, גאַווערן, אַווערן...

„געדענק, גאָט, וואָס פון אונז איז געוואָרן, קוק און זע אונזער שאַנד!"...

אַוועק, אַוועק פון דאַנען! אַוועק פון וואַנט און ווענט! שנעל אַרויס פון דער איינגעשלאָסנקייט און פאַרגליווערטקייט! אַרויס, אַרויס צום נייעם לעבן, צו אויפלעבונג, צו בויאונג! ווייט פון דער געוויין־וואַנט, אויף יענער זייט פון די פעסטונג־ווענט איז ניי־ירושלים, הייבט אָן ניי יידיש לעבן.

ירושלים ליגט זייער שיין. אויף בערג, אַרומגערינגלט פון בערג, געבויט, ווי זי וואָלט זיי אַלע באַהעפט, פאַרבונדן, די הרי יהודה, די מדבר־בערג, וועלכע ציען זיך ווי אַ סטאַדע העלפאַנטן ביז צו די טיף־בלויע וואַסערן פון דעם טויטן ים, דעם

ים המלח. די יידן דרויסן הינטער די ווענט, די נייע יידן, די בוי־יידן פארשטייען איר שיינקייט, ליבן זי און גיבן צו איר צו.

ווי נעמט זיך גוט אויס די פּראַכטגעביידע, די ערשטע און פּאַרלויפּיק איינציקע, וואָס טראָגט דעם נאָמען העברעאישע אוניווערזיטעט. די ערשטע אוניווערזיטעט פון יידן פאר יידן אין דער גאַנצער וועלט. אָן אָנהייב בלויז, נישט צו פארגלייכן אין אינהאַלט, אין דער צאָל פון די לימודים מיט אַנדערע אוניווערזיטעטן, אָבער די געביידע איז אַ צירונג אויפן הר הצופים, און יידן קוקן גאַוודיק: אונזער אוניווערזיטעט!

און — אונזער ביבליאָטעק! די שיינע געביידע, וואָס דאַרף ווערן דער זאַמלפּלאַץ פון דעם גאַנצן יידישן שאַפן.

פון ווייטן נאָך אויפן וועג אין שטאָט אַריין ווארפט זיך אין די אויגן „בצלאל" — דער ערשטער פּאַרזוך פון אַ יידישער קונסטשולע. אַ וועגבוי צו יידישער קונסט, צו יידישער שיינקייט.

און אַט קוקט ברייט און פּאַרנעם די שטאָלצעסטע פון אַלע יידישע פּראַכטגעביידעס — דאָס הויז פון דעם קרן קימת, פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, פון דער אויסלייזונג פון דער ערד פון ארץ ישראל, פון אַריבערנעמען וואָס מער ערד פאר יידישער ארבעט... אינזשעניערן האָבן אויסגעפונען, ווי מען קאָן אַוועקנעמען ערד פון ים, מאַכן פון וואַסערטיפענישן טריקעניש. אין דעם נאַציאָנאַל־פאָנד־הויז זיצן אינזשעניערן, וועלכע פּלאַנעווען ווי אויסצולייזן פאר די יידן וואָס מער יבשה פון דעם ים פון די עפּענדים און פון די וואַסערטיפענישן פון דער ענגלישער פּאָליטיק. איך גייט פאַרביי, באַוואונדערט די געביידע און ווינטשט ערפאָלג און גליק, גרויסן אָפּרוף פון די יידישע מאַסן, רייכע מיטלען צו דער אויסלייזונג־ארבעט...

אויף טריט און שריט שאַפונגען פון דעם נייעם ישוב, פון דעם ווילן און דער ליבע צום לאַנד, פון דעם ענערגישן ענטוזיאַזם פאר דעם אויפבוי, גאַנצע קוואַרטאַלן, נייע פאָרשטעט, צענטרען פון נייעם יידישן צוזאַמענלעבן.

גאָרנישט דאָ פון תל אביב, ערגעץ־נישט דער געזאַנג און טאַנץ. דאָס פּאַסט זיך אפשר נישט אין דער פאַרגליווערטקייט

פון דער אַלטער מאַמע. דאָ מוז מען זיין געלאַסענער, רואיקער, סטאַטעטשנער.

צושפּרייט זיך רואיק און שיין די נייע יידישע פאַרשטאָט תלפּיות. פרידלעך רוען אין גרינס און בלומען די איינשטאָקיקע הייזער, און שטיל און סטאַטעטשנע לעבן אין זיי די איינוואוי־נער, באַלעבאַטישע יידן, וועלכע ווייסן אָבער, אַז זיי זיינען אַ טייל פון אויפלעבונג און בוי.

אָבער צו תלפּיות אָטעמט אריבער פון רמת רחל דער תל אביבער גייסט פון דער שטאָלצער ווייסער געביידע פון דעם גדוד עבודה. חלוצים הויזן דאָ, יונגע בחורים און מיידלעך, די, וואָס טראָגן קורצע הויזלעך און האַלבע אַרבל און די, וואָס פוצן זיך נישט, יידישע אַרבעטער און אַרבעטערקעס, וועלכע טיילן זיך מיט דער אַרבעט און דעם ביסן, וועלכע קאָנען אויך אַ סך זינגען און אַ סך טאַנצן, און זינגנדיק און טאַנצנדיק אָנ־נעמען זיך מיט מער ענערגיע פאַר שווערערע אַרבעטן און גרע־סערע דערגרייכונגען...

אַ צו־להכעיס־הויז. דער פריערדיקער נציב, דער פּאַגראָם־ציב האָט נישט געוואָלט דאָס הויז זאָל געבויט ווערן, זיין פּאַלאַץ איז נישט ווייט, און דאָס נייע גדוד־הויז וועט אים פאַרשטעלן דעם וויטן אויסבליק צו די אפרים־בערג. דאָס גרויסע שטיינערנע הויז, וואָס זאָל דאָ אוועקגעשטעלט ווערן אויף דעם פּלאַץ פון דער פריערדיקער הילצערנער געביידע, וואָס איז חרוב געוואָרן אין די טעג פון די פּאָגראָמען, טאָר דערפאַר נישט געבויט ווערן.

אָבער דאָס הויז איז דאָך אויפגעבויט געוואָרן. בגנבה, פאַ־מעלעך, אין דער פינסטערניש פון די נעכט. פּלוצלונג זי איז דאָ, אַ פּאַרטיקע, פון דיל ביז דאַך. און געמויזט בלייבן שטיין. הייסן איינוואַרפן זי איז געווען אוממעגלעך. אַ נייער פּאָגראָם איז געווען אוממעגלעכער און וואָלט סיי ווי צו גאָרנישט געפירט.

אָדער פּיליכט האָט דער אַלטער נציב אויסגעפונען, אַז די נייע שטאָלצע געביידע שטערט נישט דער אויסזיכט, פאַרשע־נערט זי אפילו.

און אפשר האָט ער פאַר כעס אויף דער יידישער העזה, וועלכע האָט אים טעגלעך און שטונדלעך געשטאָכן אין די אויגן, געלאָזן זיך סוף כל סוף אַוועקגערופן ווערן צוריק נאָך ענגלאַנד, וואו ער וועט נישט זען מער קיין גרויס ווייס יידיש הויז, אויפגעבויט קעגן זיין פאַרבאָט, באַוואוינט פון עזותדיקע יידישע אַרבעטער און אַרבעטערקעס, וואָס זיינען צו אַנטשלאָסן צו קעמפן פאַר זייער באַפרייאונג און אויסגעלייזטקייט אין זייער אייגענעם לאַנד.

אָ, די צו־להכעיסניקעס! גראָד הארט ביים וועג צום נציבס פאַלאַץ האָט זיך אויפגעהויבן די קליינע ווייסע מויער פון דעם משק הפועלות פון רחל ינאית, די מיידלשע אַגריקולטורשולע מיט מיידלעך אין קורצע הויזלעך און האַלבע אַרבל, וועלכע עוסקן זיך מיט אַלערליי פעלדאַרבעטן און מיט עופות און בהמות און פילן אָן די לופט מיט געזאַנג און טאַנץ.

וואָס פאַר אַ שבנותשאַפט פאַר אַ שני למלך! וועלן די הינער נישט פאַרפעדערן דעם גאַנצן וועג? וועלן זיי נישט פאַרקוואָקטשען די גאַנצע לופט? וועט די אָרעמקייט פון דער שולע נישט זיין קיין מיאוסער פלעק? וועלן נישט דער געזאַנג און דער טאַנץ פון די מיידלעך נישט שניידן אין האַרץ און אויערן ווי אַ שטענדיקער אַרויסרוף?

אָבער די חלוצות און זייער פירערין האָבן זיך ווייניק וואָס געקימערט. זיי גייען אָן מיט זייער אַרבעט אין דעם נייעם ווייסן הויז, וואָס איז אַ צירונג פאַר דעם גאַנצן אַרום, גרייטן זיך דאָרטן צו צו אַ לעבן פון אַרבעט און קאַמף און אויפבוי און איבערבוי...

„אָ, ירושלים, ווען איך זע דיין אָרעמקייט און דיין אָפּגעלאָזנקייט און פאַרגליווערטקייט, רוף איך דיינע באַוווינער און באַקלאָגער, אָבער ווען איך זע דיין אויפבוי און דיין נייע שיינקייט, רוף איך זינגער, וואָס זאָלן דיך באַזינגען!"

## .4

# חיפה

נישט קיין מוטערשטאָט אין ישראל, אָבער א זייער נאָנטע קרובה. א מומע.

די מומע חיפה.

זי זיצט צושפּרייט ביים פוס פון בארג כרמל, אָנגעלענט און אים מיט קאָפּ און רוקן, די פיס אויסגעצויגן ביז צום ים. אָריענטאַליש אָנגעטאָן, צודרייט, צוקרימט, אָפּגעטראָגן. שליומל־פּערדיק, און קוקט, און קוקט צום ים, דערוואַרט שיפן, באַגלייט שיפן און באַוואונדערט די הערלעכסטע זונאונטערגענג מיט אָנגעצונדענע פייערדיקע אויגן.

ווי פּראַכטפול זי זעט אויס, ווען מען קוקט צו איר אַראָפּ פון דעם כרמל־בארג אָדער ארויף פון דעם ים! ווען מען קוקט אַראָפּ, איז זי א גרויסער פילפאַרביקער טעפּיך, אויסגעלייגט ביז צו די בלויע וואַסערן פון ים, דורכגענומען מיט ליכטיקייט, וועלכע פאַרוואַנדלט אַלץ אין שייניקן זייד. און ביי דער נאַכט, ווען עס לייכטן אויף די פייערן אין הייזער און גאַסן, איז זי א שטיק אויסגעשטערנטער הימל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד. דער ים ביי אירע פיס רוישט נישט, שפּריצט נישט, שוימט נישט, באַוועגט זיך פויל און לאַנגזאַם אין דעם גרויסן ווייטן האַלבקרייז צווישן חיפה אין דרום און עכו אין צפון. ווי עס וואָלט אים אָטעם פאַרפעלט, ווי די כוחות וואָלטן אים אויסגעגאַנגען אין אָנגעזיכט פון אַזויפיל שיינקייט.

אַן אַלטע, זייער אַלטע איז זי. איר אָנהייב ווייס מען נישט. אין תנך ווערט זי נישט דערמאָנט, אָבער די גמרא קען זי,

א דריי־פיר תנאים און אמוראים קומען פון איר. ווען משה בענטשט די שבטים זבולון און יששכר מיט די ווערטער: „און זיי וועלן זויגן די שפע פון ימים," דערקלערט א מדרש, אז דאָס גייט אויף דעם ים פון חיפה. אויך די שפּעטערדיקע יידישע געשיכטע האָט עטוואָס צו דערציילן פון איר. איר ערד האָט געבלוטיקט מיט יידישן בלוט.

שוין אין גאַנצן א „יורדת" געוועזן. איינגעדאַרט. אָפּגעמאָגערט, כמעט פאַרשוואונדן, אָפּגעווישט געוואָרן. אָבער דאָס רעדל האָט זיך א דריי געטאָן, און זי איז ווידער אויפגעקומען. אָט טאַקע פאַר די לעצטע פופציק יאָר. זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן דער נייער יידישער ישוב אין שומרון און גליל, און זינט די העדזשאַס־באַן איז דורכגעפירט געוואָרן, די באַן, וואָס פאַרבינדט זי זייט 1907 מיט דער ווייטער אַראַביע.

און עס איז אַוועק א שפע! די שפע פון ימים, די שפע פון פעלדער, די שפע פון אינדוסטריע. דאָס קליינע דערפל פון פאַר פופציק יאָרן גייט ווערן א וועלט־שטאָט. דער האַפן פאַרבינדט זי מיט מערב, מיט אייראָפּע און אַמעריקע, די באַן — מיט מזרח, מיט מעקא און באַגדאַד. זי איז א זאַמלפּונקט פון די פּראָדוקטן פון דער יידישער אויפבוי־ענערגיע אין דעם דערבייאיקן עמק, דער עבר הירדן איז איר הינטערלאַנד. גרויסע אונטערנעמונגען זיינען אויפגעקומען אין איר אַליין: די מילן פון באַראָן ראָטשילד, די צעמענט־פאַבריק „נשר", די אייל־און זייף־פאַבריק שמן, די גרויסע אוילטענקס פון די פּעטראָלעאום־געזעלשאַפטן וואַקואום און שעל. די אוילערן פון איראַק וועלן אויסגעלערט ווערן ביי אירע ברעגן. ריזנשריט אין די גרויסע מעגלעכקייטן פון א שטאָט, וואָס האַלט אין ווערן, פון א צוקונפטשטאָט.

האָט זיך א נעם געטאָן דער נייער יידישער ישוב, אריינגעקליבן זיך צו דער מומען, אָנגעהויבן זיין בוי־אַרבעט, רעכטס און לינקס, פון פאָרנט און פון הינטן. לינקס אין דער נידער אויף די זאַמדן ביים אָפענעם ים, וואו די כוואַליעס זיינען אביסל באַוועגלעכער — בת גלים, די טאָכטער פון די כוואַליעס. אין מיטן, פאָרנט ביים האַפן, דער מרכז, דער צענטער. הינטן, איבערן

קאַפּ פון חיפה, דראַפּנדיק זיך אויפן באַרג — הדר הכרמל, די הערלעכקייט פון דעם כרמל. רעכטס, אין דער הויך, אויף אַ פּוספינגער פון דעם כרמל — נוה שאנן, די רואיקע וואוינונג; רעכטס אין דער נידער, אויפן וועג צום קישון־טאָל — נשר און יגור. גאַנץ אויבן, ווייט אויפן קאַרק פון כרמל, די אחוזה הער־בערט סאַמועל.

דאַטשע־געגנטן, רואיקע וואוינונגען מיט גאָרטנס, מיט גרינס און בלומען. גאַנצע טעג אַרבעטן און קרעמערן און רוישן זיך אין דער אַלטער שטאָט, אין דעם האַנדלצענטער, ביים האַפן, אין און אַרום די פאַבריקן, אין געמיש מיט אַראַבער און אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג; די אָוונטן און די שבת־טעג פאַרברענגען ווייט פון דעם געקאָך אין דער אייגענער אַט־מאָספערע פון יידישער קולטור.

די ערשטע אין דעם אויפמאַרש פון די אַלע יידישע באַ־זעצונגען איז געווען הדר הכרמל. אויפגעשטעלט די שטאָלצע געביידע פון דעם טעכניקום, אויפגעבויט די ריאַלשולע — לערהייזער פאַר יידישע קינדער פון גאַנצן לאַנד און פון אַנדערע לענדער, אַרומגעבויט די דאָזיקע גייסטיקע צענטרען מיט הייזער־וואוינונגען, און אַ נאָמען געגעבן הדר הכרמל. מזל טוב מיט אַ נייער יידישער באַזעצונג! איצטער קאָן מען בויען ערגעץ־וואו ווייטער, אין אַן אַנדער געגנט. אַ ביסל יידן דאָ, אַ ביסל יידן דאָרטן — דער לאָזונג איז געווען: אויסגעשפּרייטקייט. וואָס מער נייע יידישע באַזעצונגען. וואָס מער נייע שכונות. אַרויפ־שטעלן אַ פּוס ביים ים — בת גלים! אַרויפקריכן נאָך אויף אַ פּוס־פינגער פון כרמל — נוה שאנן; פאַרקריכן ווייט אויפן קאַרק פון כרמל — די אחוזה.

דאָס איז געווען נישט פאָרזיכטיק. נישט איין אַרמיי־פירער האָט געמאַכט דעמזעלביקן טעות: צוציִען די ליניע, שי־טער געמאַכט די שורות, געוואָרן צו אָפן פאַרן שונא...

איז געקומען דער לאָזונג: זאַמלונג! קאָנצענטרירטקייט, געדיכטקייט, קאָמפּאַקטקייט. אין געשלאָסנקייט ליגט קראַפט. אין צוזאַמענגענומענע גרויסע צאָלן איז שטאַרקייט. זע תל אביב! דערנערט זיך, יידן, איינער פון דעם אַנדערן. קויפט, פאַרקויפט,

חילופט איינער ביים אנדערן, אבער זייט אין איינעם, זייט איי־
נער לעבן אנדערן, האלט צוזאמען...

הדר הכרמל איז ווידער געוועזן די ערשטע. די יונגע קור־
זינקע האט זיך א נעם געטאן נאכצומאכן תל אביב.

עס איז אוועק ביי איר א בויעניש און איבערבויעניש. הויז
נאך הויז און גאס נאך גאס. אלטע גאסן זיינען פארברייטערט
און פארלענגערט געווארן, נייע גאסן זיינען דורכגעשניטן גע־
ווארן. ווייטער העכער אויפן בארג ארויף אין דרום־זייט, אראפ
צו דער נידער אין צפון־זייט. נישט מער א ווילא־פארשטאט,
א שלאפּלאץ פאר מידע יידישע קרעמער און ארבעטער, נאר
א האנדלסשטאט, אן ארבעטסשטאט. שורותווייז זיינען אויסגע־
בויט געווארן נייע קראמען, און די דירות אין די אונטער־
שטע עטאזשן פון שיינע הייזער און ווילאס זיינען פארוואנדלט
געווארן אין געשעפטן און ווארשטאטן. וואו א גארטן איז גע־
ווען, איז געווארן א געשעפט פון גרינצייג, א פענסטער, דורך
וועלכן א מיידל האט פארחלומט ארויסגעקוקט אראפ צום ים
אדער ארויף צום בארג, איז געווארן א שויפענסטער, אין וועלכן
זי קוקט אריין פארחלומט אויף די אויסגעלייגטע סחורות. אך,
ארעמער הערצל! אויך דא, ווי אין תל אביב, איז די גאס, וואס
טראגט זיין נאמען, אין גאנצן פארקראם־פעסטעט געווארן.

רוישיק, רעשיק, פול באוועגונג, טאג און נאכט. אך, ווען
נאר נאך יידן זאלן קומען! א סך יידן, אין די צענדליק טויזנ־
טער... דעמאלט וועט זי זיך אראפלאזן אראפ אין צפון־זייט,
דערגרייכן דעם אלטן קווארטאל פון די ספרדישע יידן, וואס
ליגט נישט ווייט פון דעם וואקזאל, אריינגעמען אים אין זיך
און גיין ווייטער, ביז צו דער הויפטסטאנציע, ביז צו די גרויסע
פאבריקן, ביז צו די נאפטגעשעפטן, ביז צום האפן, ביז צום
קישון־טאל... ביז צו די אלע הויפטקוואלן פון דער פרנסה...

נאר נאך יידן! זי האט שוין איר באפעלקערונג פארפיל־
פאכט, אירע אכט טויזנט יידן זיינען שוין כמעט א העלפט פון
אלע יידן אין חיפה. און זיי זיינען שוין א כח. זיי זיינען זאמ־
לונג, קאמפאקטקייט, א קוואל פון מוט און זיכערקייט. דער
גייסט פון תל אביב רוט שוין אויף זיי. פרייער ריטם אין די

טריט, גלייבע האַלטונג, אויפגעהויבענער קאָפּ. גאולה־גאַנג. גע־זאַנג און טאַנץ.

אויך דאָ מאַרשירן זיי אין ברייטע שורות, הענט דורכ־געפלאָכטן אויף רוקנס, די בחורים אין קורצע הויזלעך און האַלבע אַרבל און די מיידלעך, וואָס פּוצן זיך אַזוי ווייניק, לוסטיק און לעבעדיק זיך צוזינגענדיק צום טאַקט. אויך דאָ צו־שטעלן זיי זיך אין אַ ראָד אונטערן פרייען הימל און טאַנצן די האָרא, דעם טאַנץ פון אייניקייט און געשלאָסנקייט. אָבער דאָ האָבן זיי שוין אַ פּאַרק. אַ פּאַרק מיט גראָז און בלומען און בוימער — הויכע געדיכטע בוימער, וואָס וואַרפן אַ קילנדיקן שאָטן אויף די קליינע קינדער, וועלכע רוען אונטער זיי ביי־טאָג, און אַ פריינטלעכן דעקטוך אויף די גרויסע קינדער, וואָס פאַררוען זיך אונטער זיי אין אָוונט!

נאָר קיין ים האָבן זיי נישט, דעם ים צו באָדן זיך און דעם זאַמדיקן ברעג צו שפּילן זיך. ער איז ווייט פון הדר הכרמל, און דער האַפן איז אויך נישט פאַר שפּיל און ספּאָרט.

דעם ים האָט בת גלים, וואָס קוקט אַרויף אַביסל קנאהדיק צו איר עלטערער שוועסטער. אַך, ווען זי האָט מער יידן, אַ סך מער יידן! דעמאָלט וואָלט זי זיך אויסגעשפּרייט און פאַראייניקט מיט דער שכונה אין מערב חיפה. צוזאַמען וואָלטן זיי געוואָרן אַ זייער גרויסער ישוב הארט ביים האַפן מיט דער אייזנבאַן אין מיטן און אומצייליקע מעגלעכקייטן אַרום און אַרום. דע־מאָלט וואָלט זי נאָך אפשר אַריבערגעיאָגט איר עלטערע שוועס־טער, ווייל איר לופט איז היילונג און איר ברעג איז דער איינ־ציקער פרייער ים־ברעג...

אין דער אייגענער צייט שטייט דער כרמל גאַנץ טרויעריק, שפּיגלט זיך אין ים און באַדויערט זיך אַליין, ווייל ער געדענקט, ווי ער האָט אויסגעזען גאַנץ אַמאָל. אָ, ווייסט איר, וואָס זיין נאָמען באַדייט? פון כרם שטאַמט דאָס וואָרט, כרם — אַ ווייג־גאָרטן. אַ גאָרטן איז ער געווען, אַ גאָרטן מיט פרוכטבוימער און וויינטרויבן, אַ געגנט פון וועלדער און תבואה־פעלדער. ירמיהו הנביא האָט דערמאָנט זיינע יידן אין זיינע שטראָפרייד: „איך האָב אייך אַריינגעבראַכט אין כרמל־לאַנד צו געניסן פון

זיין פרוכט און זיין גוטס." און ישעיהו הנביא האָט זיי גע־וואָרנט: „עס וועט אָפּגעטאָן ווערן פרייד און פריילעכקייט פון דעם כרמל, און אין די וויינגערטנער וועט נישט געזונגען און נישט געליאַרעמט ווערן." אָבער איצטער איז ער אַ הוילער באַרג, שטיינער און דערנער, שטיינער און דערנער. וואו נישט וואו אַ בוים, אַ זכר פון וואַלד, וואו נישט וואו אַ שטיקל פאַר־זייט פעלד. אַ וויסטע. אָן וויינגערטנער און פרוכטבוימער, אָן פרייד און פריילעכקייט. די אַראַבער האָבן אַרויפגעשלעפּט אויף אים דעם מדבר, די אייראָפּעער האָבן פאַרפלאַנצט אויף אים קלויסטערס, אָבער אויך די יידן האָבן אים גאַנץ פאַרנאַכלע־סיקט. זייער גאַנצע בויטעטיקייט האָט אים נישט דערגרייכט. די שטיקל אחוזה, איינצלנע ווילאַס, אַ פּאָר שטיקלעך וואַלד, אַ פּאָר האָטעלן, אַן אַרבעטער־סאַנאַטאָריום — דאָס אַלץ אין אַלע זיינע ווייטקייטן. אַ גאַנץ קליינער פאַרזוך אין זיין אויפ־לעבונג.

ניין, די יידן באַליידיקן אים אַפילו, רייצן זיך מיט אים. האָבן אויפגעקויפט אויף אים גרויסע שטרעקעס, צוטיילט זיי אין בויפּלעצער, אָבער זיי בויען נישט און פלאַנצן נישט. געלאָזן אים, ווי זיי האָבן אים געפונען. אַ מדבר, אָן פרייד און פריי־לעכקייט. זיי, די איינציקע, וואָס קאָנען אים אומקערן זיין אַמאָל!

קוקט דער כרמל אויפן ווייטן ים, קוקט צוזאַמען מיט הדר הכרמל און בת גלים און דער גאַנצער יידישער חיפה: ברענגען די אָנקומענדיקע שיפן נייע יידישע בויער, וואָס וועלן אויפ־בויען זיך און זיי?

## .5

# די אַרבעטערשאַפט

בענטש, מיין האַרץ, די אַרבעטערשאַפט, די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט פון ארץ ישראל, די מוטיקע טרעגערין פון דער וואונדער אויפטועגדיקער אַרבעטס־אידעע. זי איז דער אויפקום, זי איז דער אויפבוי, זי איז די אויפלעבונג. פון אַלע שאַפנדיקע כוחות אין לאַנד איז זי די שאַפנדיקסטע, פון אַלע פרוכטבאַרע אידעען איז איר אַרבעטס־אידעע די פרוכטבאַרסטע.

ארץ ישראל איז איבערגעגאָסן מיט זון, אָבער איר ליכט און וואַרעמקייט קומט פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און פון איר טרייבנדיקער קראַפט, דער אַרבעטס־אידעע. זי איז באַ־פרוכפּערונג, זי איז די קוואַל פון ענערגיע. פון איר שטאַמט וואוקס און בליאונג, זי איז איינוואָרצלונג און פעסטער פונדאַ־מענט. זי איז קאַמף און זיג, איר וועג אַליין איז די גרויסע צו־קונפט. אויב דער גלות האָט געמאַכט דאָס יידישע פאָלק פאַר אַ פּאַראַזיטנפאָלק, וואָס לעבט פון דער אַרבעט פון די פעל־קער, צווישן וועלכע עס לעבט, איז זי די אמתע גאולה, ווייל זי לייזט אויס דאָס יידישע פאָלק פון דעם פּאַראַזיטנטום, פירנדיק אים צו אייגענער אַרבעט.

געווינען דעם יידישן מענטש פאַר אַרבעט, מאַכן פון אים אַ פּראָדוקטיוון אַרבעטער! דורות האָט מען עס גערעדט, אין פאַרשיידענע לענדער. פוסטע רייד. וואו מען איז אריבער צו מעשים, האָבן זיך די מעשים נישט איינגעגעבן.

אַמעריקע איז עדות. די יידישע אימיגראַנטן זיינען געצוואונ־גען געוואָרן צו ווערן אַרבעטער. זיי זיינען געוואָרן שניידער:

שטעפּער, פרעסער, פּארסטריגעווער, קנעפּלאיינגייער, לאצנמאַ־
כער, פּאָלעסדרייער... אויסגעזוכט זיך לייכטערע ארבעט פאר אן
איבערגאַנגסצייט. ווען עס איז זיי געלונגען אַפּצושפּאָרן אַ פּאָר
הונדערט דאָלאר, זיינען זיי אַנטלאָפן פון דער ארבעט. זיינען
זיי געוואָרן קרעמער, אגענטן, לופטמענטשן.

ארבעטן — צוליב וואָס? אויב נאָר צוליב חיונה, צוליב
אַ לעבן מאַכן, זוכט יעדערער זיין אייגענעם וועג. ווען עס איז
נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווערט מען אַ שניידער. באַווייזט
זיך אויפן האָריזאָנט אַן אַנדערער, ווערט מען אויס שניידער. אַר־
בעט אַלס וועלטאַנשויאונג, ארבעט אַלס כלל־אויפטו, ארבעט
אַלס צוקונפט פון דער מענטשהייט, ארבעט אַלס לייזונג פון
דער אומגעלומפּערטער, דריקנדיקער יידנפראַגע — דאָס האָט
זיך נישט אָנגענומען.

אין ארץ ישראל איז עס געוואָרן דערגרייכונג.

ארבעט איז געוואָרן העכסטע שטרעבונג. אידעאַל, ליבע, גע־
זאַנג. באַלעבאַטישע קינדער, דיפּלאָם־מענטשן, ביכער־מענטשן,
יונגע און עלטערע, מענער און פרויען, האָבן זיך גענומען צו אַר־
בעט, צו אַלע ארבעטן. אויך צו די שווערסטע, אומאַנגענעמסטע,
מאַטערנדיקסטע. זיי זיינען געוואָרן נאָכן אלף בית נאָך:

אייזנבאַנארבעטער, אייזנארבעטער, אָראַנזשנפלאַנצער, בע־
טאָנארבעטער, ברונענגרעבער, ברוקירער, בריקנבויער, גערטנער,
דאַכדעקער, האַפּנארבעטער, וואַסערלייטונגסארבעטער, וויינמאַ־
כער, זאַלצארבעטער, זומפּטריקענער, טעלעגראַף־ און טעלעפאָן־
ארבעטער, טרעגער, טשוועקעסארבעטער, כעמישע שטאָפן־ארבעטער,
לאָקאָמאָטיוו־פירער, מאַשיניסטן, מויערער, מעבלארבעטער, מעכאַ־
ניקער, נאָדל־ארבעטער, סאָדעוואַסער־ארבעטער, עלעקטריקער,
פּאָטאַש־ארבעטער, פּאַסטוכער, פלאַסטערער, פעלדארבעטער,
ציגלמאַכער, צעמענטמאַכער, קאַנאַליזאַטאָרן, קעמלטרייבער,
שאָסייבויער, שאָפערס, שוועבלעך־ארבעטער, שומרים, שטאָל־
ארבעטער, שטאַלארבעטער, שלאָסער, שמידן...

און וואָס פאַר אַ ארבעטער! פון די בעסטע און פעאיקסטע
אין לאַנד. ביכערמענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין האַמער
נישט געהאַלטן אין האַנט, האָבן אויפגעבויט רוטענבערגס עלעק־

טרישע קראַפט־סטאַנציע, ביכערמענטשן זיינען די בויער און אַר־בעטער פון נאָוואָמעיסקים פּאָטאַש־פאַבריק ביים ים־המלח. ביידע אונטערנעמונגען זיינען אין געגנטן, וואָס ליגן טיף אונטער דער, ים־פלאַך, און די היץ פון טאָג איז דאָרטן אומדערטרעגלעך, אָבער די אַרבעט רופט און באַפעלט, און מען שטייט און אַרבעט.

דער יידישער מענטש פאַר אַלע אַרבעטן, אַלע אַרבעטן פאַרן יידישן מענטש! דאָס לעצטע איז שווערער. צו ווערן אַר־בעטער הענגט אָפּ אָן די, וואָס ווילן ווערן אַרבעטער. צו קריגן אַרבעט הענגט שוין אָפּ אָן די, וואָס האָבן אַרבעט און דאַרפן וועלן געבן זי צו יידישע אַרבעטער.

אַן אַלטע געשיכטע. דער יידישער אַרבעטסגעבער וויל נישט געבן קיין אַרבעט דעם יידישן אַרבעטער. ער איז אים צו טייער, צו אויפגעקלערט, צו רעוואָלוציאָנער. ער לייגט אויף אים אויך זיין רחמנות. ווי קאָן ער געבן אַן איידעלן מענטש אַ שווערע און שמוציקע אַרבעט!

אויך די אידעע פון ווידעראויפלעבונג פון פאָלק און לאַנד אין ארץ ישראל האָט נישט געהאָלפן. זי איז גאָר שנעל פאַר־געסן געוואָרן. אויך די, וועלכע זיינען אַוועק אין ארץ ישראל מיט דעם רוף „בית יעקב לכו ונלכה" און זיינען געוואָרן פאָלקס־העלדן, בילוצעס, אויך זיי האָבן פאַרגעסן די גרונטאידעע, אַז עס וועט נישט זיין קיין ווי־עראויפלעבונג אָן יידישער אַרבעט. זייערע פעלדער זיינען נישט באַגאָסן געוואָרן מיט יידישן שוויים, זייערע אַקעראייזנס זיינען נישט געפירט געוואָרן פון יידישע הענט, זייערע פרוכטן זיינען נישט אַראָפּגענומען גע־וואָרן מיט יידישן געזאַנג, אין זייערע אַרבעטן האָבן יידישע קינדער, וואָס האָבן געזוכט צו ווערן יידישע אַרבעטער, קיין חלק נישט געהאַט. זיי האָבן אין ארץ ישראל אַריינגעבראַכט דעם גלות. די פאָרטזעצונג פון אַ פּאַראַזיטנפאָלק, וואָס לעבט פון פרעמדער אַרבעט.

די יידישע אַרבעטער האָבן געמוזט צווינגען די יידישע אַרבעטסגעבער צו געבן זיי אַרבעט. ביי אַלע פעלקער קעמפן די אַרבעטער פאַר דער באַפרייאונג פון דער אַרבעט, אין ארץ

ישראל האָבן די יידישע אַרבעטער געמוזט קעמפן פאַר דער אַרבעט אַליין. און נישט בלויז פאַר זיך, זיי אַליין זאָלן האָבן אַרבעט.

ניין, זיי האָבן געקעמפט און קעמפן פאַרן פּרינציפּ. יידישע אַרבעט פאַר דעם יידישן מענטש. אַלע אַרבעטן, וואָס דאַרפן געטאָן ווערן פאַר יידן, זאָלן געטאָן ווערן פון יידן. אויב ארץ ישראל זאָל ווערן די היים פון דעם יידישן פאָלק, מוזן מיר וועלן און באַשטרעבן אַ גרויסע אימיגראַציע, מוזן מיר האָבן אַרבעט פאַר די נייע אימיגראַנטן, ווייל דאָס יידישע פאָלק אין ארץ ישראל זאָל אויפגעבויט ווערן אויף די יסודות פון אַרבעט.

אַרבעטן, אַרבעטן, מאַכן פון די יידן אַן אַרבעטספאָלק, ברענגען אים די אמתע גאולה. אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן, אין אַלע אינדוסטריעס, ביי אַלע מלאכות, אַלטע און נייע. אָבער אויך צוריק צו דער נאַטור! צו דער ערד, צו ערדאַרבעט, פון שטאָט אין דאָרף אַריין.

דאָך דער אידעאַל איז נישט בלויז אַרבעט, נאָר באַפרייטע אַרבעט. די יידישע אַרבעטער אין ארץ ישראל שטרעבן ווייטער, ווילן מער. זייער אידעאַל איז דער סאָציאַליזם. אָפּשאַפונג פון פּריוואַטן אייגנטום, אַ נייע סאָציאַלע אָרדנונג, נייע באַציאונגען פון מענטש צו מענטש.

זיי האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן און אין די קאָלאָניעס אַלס קבוצה, אַלס קאָלעקטיוו, און האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַזעצן אויף דער ערד אין קבוצות, אין קאָלעקטיוון. אַלץ איז אַלעמענס, אַלע אַרבעטן פאַר אַלעמען, און אַלע זיינען גלייך. אין מיטן פון אונזער אונטערגייענדיקער ציוויליזאַציע פאַרפאָסטנס פון דער צוקונפטסוועלט.

אַרבעטן שווער די יידישע אַרבעטער אין זייערע קבוצות און מושבים, אַנטוויקלען אין נויט און אָרעמקייט אַ פאַרמווירטשאַפט פון פּרוכטן פון ביימער און תבואות פון פעלד, פון הינער און אייער, פון מילך און האָניק, אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון אין די שטעט נעמען איבער ביי זיי די פּראָדוקטן, באַאַרבעטן זיי און ברענגען זיי צו די געברויכער, און

דאָס גאַנצע לאַנד געניסט און ווייס די דערגרייכונגען פון די יידישע ארבעטער.

זיי זיינען א מינדערהייט אין לאַנד, פאַרלויפיק א מינ־דערהייט, אָבער זייער איינפלוס אין אַלע ווינקעלעך פון לעבן ווער קאָן אָפּשאַצן. זיי לעבן זייער אידעע, און דאָס גיט זיי גאַנצקייט, גיט זיי קראַפט, דאָס מאַכט זיי פאַר דעם לעבנס־גייסט פון לאַנד.

זיי זיינען דער לעבנסגייסט, זיי זיינען אויך די טרעגער פון קולטור. די שווערע ארבעטן האָבן זיי נישט פאַרגרעבט און פאַרווילדערט, דאָס בוך איז נישט פאַרנאַכלעסיקט גע־וואָרן. זיי זיינען קיינמאָל נישט מיד געננוג, זיי זאָלן זיך אָפּ־זאָגן פון א גייסטיקן גענוס. דאָס גייסטיקע וואָרט איז זייער אָפּפרישונג אין דער גרעסטער מידיקייט.

אויף די טויערן פון דער צעמענטפאַבריק „נשר" זיינען אויסגעהאַנגען מודעות וועגן נייע ביכער, וואָס זיינען אריינ־געקומען אין דער ארבעטער־ביבליאָטעק, וועגן א דיסקוסיע איבער נאָרמאַן ענדזשעלס מיקראָבן־בוך, און חברים ווערן אויפגעפאָדערט צו לייענען דאָס בוך, זיי זאָלן קאָנען אנטייל נעמען אין דער דיסקוסיע, וועגן אַן אָוונט וואָס וועט געווידמעט ווערן די ווערק פון א פארשטאָרבענער דיכטערין, און וועגן אַן אָוונט, וואָס וועט אָוועקגעגעבן ווערן א לעבעדיקן דיכטער.

די אָרגאַניזירטע יידישע ארבעטערשאַפט פון חיפה באַ־שטייט סך הכל פון פירטהאַלבן טויזנט חברים און חברות. אָבער זיי האָבן אויסגעבויט אַן אַמפיטעאַטער מיט זיץ־ און שטייפּלעצער פאַר פירטויזנט מענטשן, און אַן ארבעטער־הויז, א דריישטאָקיק הויז מיט א גרויסן לעזעצימער און א פאַרזאַמלונגסזאַל, וואו לעקציעס ווערן געהאַלטן און שריפט־שטעלער ווערן אויפגענומען. אויסגעבויט מיט אייגענע הענט און אויף אייגענע הוצאות. זיי האָבן עס געטאָן אין א צייט פון ארבעטסלאָזיקייט, האָבן אויסגענוצט זייערע ליידיקע טעג, אָבער אין אַזעלכע טעג זיינען זייערע געלטבאַשטייערונגען גע־ווים געוועזן דער גרעסטער קרבן אויפן מזבח פון קולטור.

זייערע קבוצות און מושבים האָבן א בינע אין זייערע פאַרזאַמלונגסהייזער. די קינסטלער פון די דריי טעאַטער־אינסטיטוציעס אין לאַנד, הבימה, אהל און מטאטא, ווי בכלל אַלע גאַסטראָלירנדיקע קינסטלער דערקלערן, אַז אמתן נחת האָבן זיי, ווען זיי טרעטן אויף אין די קבוצות.

א יידישער פּאַסטוך אויפן בארג גלבוע פיטערט זיינע שאָף און לייענט א דייטש בוך איבער דער פילאָזאָפיע פון שאָפּענהויער. דער הויכער ענגלישער באַאמטער, וואָס האָט דאָס דערזען, איז שטאַרק אויפגערעגט געוואָרן. ער האָט שטענדיק געוואוסט, ווי מען רעדט צו א פּאַסטוך, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, ווי צו רעדן מיט א פּאַסטוך, וואָס שטודירט שאָפּענהויערן. ער האָט אפילו נישט געוואוסט, ווי צו שטיין פאַר אים. טאַקע, ווי באַנעמט מען זיך עפּעס מיט א מענטשן, וואָס שטודירט שאָפּענהויער איז ווערט א פּאַס־טוך, ווייל אַזוי פאָדערט זיין וועלטאַנשויאונג? אָ, אַזעלכע טאָרן נישט אַריינגעלאָזן ווערן אין לאַנד!

דער גרעסטער פּרייז פאַר אַן אַרבעטער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין שטאָט אָדער אין קבוצה, איז א דריי־חדשים־קורס אין דעם אַרבעטער־סעמינאַר. אין די דריי חדשים דאַרף ער אַרבעטן נאָר צוויי טעג א וואָך, אין די איבעריקע טעג שטודירט ער און ווערט אויסגעהאַלטן אויף דעם חשבון פון די קבוצות. זעכציק אַזעלכע סטודענטן ווערן אויסגעהאַלטן מיט עסן און קוואַרטיר פון די קבוצות, אין וועלכע דער סע־מינאַר האַלט זיך אויף אין אָפּוועקסלונג...

אָ, דאָס זיינען אַלץ שטיקלעך און ברעקלעך, צופעליק אויפגעכאַפּטע. ווי וואונדערלעך איז זייער טאָגטעגלעכקייט! שווערע פּראָזע פון א זייער שווערן לעבן, פאַרלייכטערט און באַלויכטן פון א גרויסער וועלט־אידעע.

בענטש, בענטש, מיין האַרץ, די יידישע אַרבעטערשאַפט פון ארץ ישראל!...

## .6

# פון תל אביב ביז פתח תקוה

שפּאַן איין דיינע אבטאונפערציק פערד פון דיין נייער מאַשין, שאָפער דו מיינער, און פיר מיך פון קבוצה צו קבוצה, פון מושב צו מושב, אין אַלע ערטער, וואו יידישע ארבעטער לעבן עקשנותדיק זייער אידעע פון קאַמף פאַר פאָלק און לאַנד און נייער סאָציאַלער אָרדנונג. פיר מיך איבער די ברייטע אַספאַלטשאָסייען, וואָס זיי האָבן אויסגעבויט אין זייער „דעראָבערונג פון ארבעט", און איבער די שווערע זאַמדיקע זייטנוועגן, וואָס זיינען די קללה פון די דערפער. ברענג מיך צו זאַמדן, וואָס זיינען באַבויט און באַפלאַנצט, צו שטיינער, וואָס זיינען באַוואַקסן, צו גערטנער און פעלדער, וואָס זיינען געוועזן טיפע גיפטיקע בלאָטעס, צו פרישער באַלזאַם גיסנ־דיקער לופט, וואָס איז געוועזן פעסט און פיבער און טויט. דאָס האָבן אַלץ יידישע ארבעטנדיקע הענט אויפגעטאָן, יידישע ענערגיע און יידישער ארבעטער־אידעאַליזם, ווייל זיי ליבן אַזוי דאָס לאַנד פון דער פאַרגאַנגענהייט און זייער צוקונפטס־אידעע פון אויפלעבונג, פון באַפרייאונג און באַגייאונג.

שרעק זיך נישט, אַז איך וועל איינשלאָפן אונטער דעם שאָקל פון דיין מאַשין אין דער גרויסער היץ פון טאָג. איך וועל האַלטן מיינע אויגן ווייט אָפן, און מיין האַרץ וועט זיין וואַך, און מיין מויל וועט אָנגעפילט ווערן מיט פריידיקן גע־לעכטער און מיין צונג מיט געזאַנג: זעט, וואָס יידישע ארבעט האָט אויפגעטאָן!

פיר מיך! פיר מיך! — — —

דער וועג פון תל אביב נאָך פּתח תקוה גייט צפון־מזרח, אוועק פון ים, טיפער אין לאַנד אריין, צווישן אָראַנזש־פּלאַנטאציעס און גאָרטנס. אויסגעצייכנטער אספאַלט־וועג און ענער־גישער יידישער ישוב ביי די זייטן, געפּאַקטע אויטאָבוסעס, איילנדיקע אויטאָמאָבילס, שווער גייענדיקע באַלאָדענע פערד־און־וואָגנס, רייטער אויף פערד, רייטער אויף אייזלען, רייטער אויף קעמלען, שטענדיקע באוועגונג, לעבעדיקער פאַרקער. תל אָביב און פּתח תקוה ווערן צוזאַמענגעצויגן, צוינויפגעוואַקסן, גיבן זיך די הענט. שכונת באָראָכאָוו, רמת גן, גבעת השלושה, בני ברק, אַלע רעכטס פון וועג, קייטלען זיך איינע מיט די אַנדערע, שטויסן זיך אָן, פאַרבינדן די גרעסטע גאַנץ־יידישע שטאָט מיט דער גרעסטער יידישער קאָלאָניע. מאַכן פרייליכער און היימלעכער דעם וועג, מאַכן אים פאַר א יידישן, פאַר אַן אייגענעם.

גאַנץ נאָענט ביי תל אביב — שכונת באָראָכאָוו. אַן אר־בעטער־פאָרשטאָט, אַנגערופן נאָך דעם יונג פאַרשטאָרבענעם געניאַלן וויסנשאַפטלער און פּועלי ציון פירער בער באָראָכאָוו, וועלכער האָט אָנגעוויזן די יידישע ארבעטער אויף זייער ראָ־ליע אין ארץ ישראל. שטיינערנער באַרג און זאַמדיקער טאָל, פאַרלאָזענע אויסגעטריקנטע ערד, בייז אין איר פאַרלאָזנקייט, אכזריותדיק אין איר טרוקנקייט. אָבער יעדעס שטיקל ערד, וואָס קומט אריין אין יידישע הענט, מוז אויפגעלעבט ווערן. זיי האָבן ארויסגעקראַגן וואַסער פון אירע פאַרבאָרגנקייטן, באַבויט זי מיט הייזער, באַזייט און באַפלאַנצט. די ארבעטע־רינען־ווירטשאַפט (משק הפועלות) האָט א גרויסן גרינס־גאָרטן, א בוימער־פלאַנצעריי, א פּרדס. שווער געווען ארויס־צוקריגן עס פון דער פאַרברוגזטער ערד, דערפאַר א גרויסער יום טוב, ווען עס זיינען אריבער די ערשטע צען יאָר פון עקשנותדיקן קאַמף, א יובילעאום מיט פלאַגן און רעדעס, און שפּיל און געזאַנג, מיט א סך צונויפגעפאָרענע געסט און מיט זיגבאַוואוסטזיין אין הארצן.

שכונת באָראָכאָוו האָט א פּאַרטיקן אַמפיטעאַטער, פון דער נאַטור אַליין געבויט. א שטיק טאָל, ווי א טעאַטער־פּאַרקעט,

פון דריי זייטן באקרייזט מיט דעם משופּע פון אַ באַרג. ווען עס וועט אַמאָל לייבט זיין אין קעשענע, וועלן די שכונה־איינ־וואוינער נעמען זיך צו דער מתנה, וואָס די נאַטור האָט זיי געשענקט, און באַארבעטן זי אין אַן אַמפּיטעאַטער נאָך אַלע פאַראָרדנונגען פון דער אַרכיטעקטור. אָבער אפשר וועלן זיי גאָר אַזוי לאַנג נישט וואַרטן. ווער ווייס, ווען זי קאָן געשען, די קעשענע־לייבטקייט! זיי וועלן מסתמא באַלד אָנהייבן. מיט אייגענע כחות, פּאַמעלעך, אין פרייע טעג און שטונדן, אָדער אין שטונדן, ווען דער קערפּער וועט נישט זיין צו מיד, אָדער ווען דער חשק צו זען אַ פאַרטיקן אַמפּיטעאַטער וועט גובר זיין די גרעסטע מידיקייט. אַן אַמפּיטעאַטער איז אַ קולטור־זאַך, און דעראָבערן עטוואָס פאַר דער קולטור מעג קאָסטן גרויסע אָנשטרענגונגען. די נאַטור האָט פאַר זיי פאַרויס־באַשטימט אַן אַמפּיטעאַטער, און זיי וועלן אים נישט פאַרנאַכ־לעסיקן. ווי מיינסטו, שכנה רמת גן? וועסטו באַהילפיק זיין?

אַך, זי האָט ביי זיך אַ שווערערע פּראָבלעם!

רמת־גן — „גאָרטן־הויכעניש". קלינגט נישט דער נאָמען זייער שטאָלץ? רעדט אים אַרויס הויך אויפן קול מיט דריי פּתחן: ראַמאַט־גאַן! וויפל זעלבסטבאַוואוסטזיין און זעלבסטצופרידנ־קייט!

מיט יאָרן צוריק איז דאָ געווען וויסטעניש. עדות זיינען די אַרומיקע בערגלעך מיט זייער גרויער שטיינערנער העס־לעכקייט. פּונקט אַזוי וויסט און גרוי און עלנד האָבן אויס־געזען די בערגלעך, אויף וועלכע עס שטייט איצטער רמת־גן מיט אירע ווייסע הייזער, גאָרטנס און פּרדסים. אָבער פון איר העכסטן בערגל, וואָס איז אויסגעשניטן מיט שיינע באַבוימטע טעראַסן, קוקט אַראָפּ אויפן וועג אַ גרויס איינשטאָקיק בעטאָן־הויז מיט לעבער אָנשטאָט פענסטער און מאַכט אַ שווערן, טרויעריקן איינדרוק.

וואָס איז עס? איז עס די אַרבעט פון צושטערער? איז דאָ אַ שׂרפה געווען?

ניין, דאָס איז דער נישט פאַרענדיקטער „אַרבעטער־

סאַנאַטאָריום פאַר כראָנישע קראַנקהייטן און פאַר קאָנוואַלעס־
צענטן"!

די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט האָט צוויי סאַנאַ־
טאָריומס: ארזה אין מוצא ביי ירושלים און בית הבראה אויפן
כרמל אין חיפה. ביידע צוזאַמען האָבן פּלאַץ פאַר זעכציק
קראַנקע, און דאָס איז זייער ווייניק פאַר איבער דרייסיק
טויזנט אַרבעטער. עטלעכע תל אביבער דאָקטוירים אונטער
דער פירערשאַפט פון דר. דאָראַ בלאָך, דער פרוי פון דוד
בלאָך, דעם געוועזענעם אַרבעטער־מעיאָר פון תל אביב, האָבן
זיך אונטערגענומען אויפצובויען אַ דריטן סאַנאַטאָריום. קיי־
נער פון זיי איז נישט רייך גענוג אויף אויסצולייגן אייגנס,
אָבער אַלע איבערצייגט, אַז דער סאַנאַטאָריום איז נויטיק און
מוז אויפגעבויט ווערן, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זאַמלען פּרוטה
צו פּרוטה: נדבות, בעלער, בלומענטעג... צוזאַמענגענומען אַביסל
געלט און געשטעלט זיך בויען. נישקשה, נאָר אויפשטעלן דעם
ערשטן שטאָק, עס וועלן זיך שוין געפינען גוטע יידן, וואָס
וועלן העלפן אַרויפצושטעלן דעם צווייטן שטאָק און צו פאַר־
ענדיקן.

קוקן לעכער אָנשטאָט פענסטער אין דעם אויפגעשטעלטן
ערשטן שטאָק, עקדישלעך לויפן אום איבער די שטויב באַ־
דעקטע, פאַרוואָרלאָזטע צימערן, און דר. דאָראַ בלאָך ברעכט
די הענט: איז טאַקע מער קיין געלט נישטאָ ביי יידן? אָדער
האָבן זיך אויסגענומען גוטע הערצער? דאָך בלויז 15—20
טויזנט דאָלאַר!... ניין, זי רופט אָן די סומע אין פונטן, די
ציפער זאָל זיין קלענער: סך הכל דאָך 5 טויזנט פונט!...

פיר מיך ווייטער, ווייטער שאָפער דו מיינער! אַ פּאָר פאַר־
קערם און — גבעת השלושה.

אַ קבוצה פון אַ צוויי־הונדערט חברים און חברות. יונגע
מענטשן, צילבאַוואוסטע, לעבנדיקע, אַ סאָציאַליסטיש צוזאַמענ־
לעבן. אַן אַלגעמיינע קינדער־היים פאַר די דרייסיק קינדער־
לעך — אַ גרויס שיין צווייישטאָקיק בעטאָנהויז מיט צוועלף
ליכטיקע חדרים און אַן ארומגעראַמטן דאַך. אַלגעמיינע קיך און
עסצימער, וואָס בעטן זיך איבערגעבויט צו ווערן אויף בעסערס

און שענערם. אַ פּאָר צענדליק וואוינהייזער פון בעטאָן און אַ סך צעלטן, אַ בעקעריי. אַ שטאַל פאַר בהמות — נאָך נישט פיל; אַ שטאַל פאַר פערד און אייזל, הינערשטייגן, בינשטאָקן... אַ פּרדס פון אַן אַכציק דונאַם, אַ בוימפלאַנצעריי, אַ גאָרטן... אַלץ אין שותפותדיקער אַרבעט, שותפותדיק באַ'צער'ט און שותפותדיק באַשמחהט. דאָס רוב חברים אַרבעטן ביים „יכין" אָדער אין פרעמדע פּרדסים — דאָס איז הכנסה פאַר דער גאַנצער קבוצה: אין שלעכטע צייטן ברויט פאַר אַלעמען, אין בעסערע צייטן לויפנדיקער קאַפּיטאַל.

אָבער וואָס באַדייט דער נאָמען? ווער זיינען די דריי נישט־אָנגערופענע, וועמען די קבוצה אויפן בערגל וויל פאַר־אייביקן?

אַ טרויעריקע געשיכטע, איינע פון די פיל, מיט וועלכע די יונגע געשיכטע פון דעם ישוב אין ארץ ישראל איז אַזוי רייך.

דאָס איז געווען אין דער מלחמה־צייט. טערקיי איז אַריין אין קריג אויף דער זייט פון דייטשלאַנד און עסטרייך, און די לאַגע פון די רוסישע יידן אין ארץ ישראל איז געווען אַ פאַר־צווייפלטע. אַ סך זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד, די איבעריקע זיינען געוואָרן טערקישע אונטערטאַנען, אָבער די יידישע אַרבעטער האָט אפילו די אָטאָמאַניזירונג נישט גע־האָלפן. זיי זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן אָן אַן אויפהער. עפּעס איז פאָרגעקומען אין פּתח תקוה, און די טערקישע פּאָליציי האָט געזוכט צו אַרעסטירן צווייאונפערציק אַרבעטער, געווע־זענע רוסישע יידן. דאָס האָט געמיינט אַ זיכערער טויט. צען חברים, עסטרייכער, האָבן זיך אָנגעבאָטן אַלס משכון פאַר די צווייאונפערציק. דריי פון זיי זיינען קיינמאָל נישט געקומען צוריק...

אָ, בערגל פון די דריי, דו מוזט געראָטן זיין! די דריי טאָרן נישט פאַרגעסן ווערן. דו מוזט וואַקסן, שטאַרק פאַרנאַנ־דערוואַקסן זיך, אַ מוסטער פון סאָציאַליסטישן צוזאַמענלעבן, דיין נאָמען זאָל באַקאַנט ווערן וווייט און ברייט, און אומעטום

זאָל מען פרעגן: וואָס באַדייט דער נאָמען? ווער זיינען דאָס די דריי?

איי! נישט, איי! נישט, שאָפּער דו מיינער!

אָבער אָט איז שוין פּתח תקוה — די טיר פון האָפנונג!

א קליין שטעטל פון א פינף טויזנט איינוואוינער, מיט א גרויסן ברייטן מארק־פּלאַץ און שמאָלע געסלעך, פּארמיס־טיקטע, שמוציקע, מיט ענג אָנגעשטעלטע הייזלעך. אָט דערקען איך דיך דאָך, ליטווישע שטעטעלע! וואָס טוען נאָר דאָ ביי דיר אַזויפיל אראַבער? און פון וואַנען קומען צו דיר אַזויפיל פּרדסים און וויינגערטנער?...

מיט יאָרן צוריק איז די „האָפנונגסטיר" געווען א ברייטער טויער צו קראַנקהייטן און טויט. דער טייך ירקון, וואָס פליסט נישט ווייט פון איר, איז געווען א געפערלעכער מאַלאַריא־פאַרשפּרייטער, און די געשיכטע פון דער קאָלאָניע איז די געשיכטע פון א העלדישן קאַמף פאַר בלייבן אויפן אָרט און נישט אַנטלויפן.

אָבער אויך די געשיכטע פון א גאָר־גאָר אומהעלדישן קאַמף קעגן יידישע ארבעטער און יידישער ארבעט. נאָך מיט פינפאונצוואַנציק יאָר צוריק האָט א יידישער ארבעטער געדאַרפט באַזונדערס איינבעטן זיך. ווען די קאָלאָניע האָט באַשעפטיקט טויזנטער אראַבער, זייגען יידישע ארבעטער ארומגעגאַנגען דאָרטן ליידיק און הונגעריק. אַזוי האָבן די קאָלאָניסטן פון פּתח תקוה פאַרשטאַנען די „ווידעראויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק אין דעם יידישן לאַנד", אַזוי האָבן זיי פאַרשטאַנען די האָפנונג, וואָס דאָס פאָלק האָט ארויפגעלייגט אויף זיי!

דער אידעאַליזם פון די יידישע ארבעטער האָט געבראָכן דעם באָיקאָט קעגן זיי. איצטער באַשעפטיקט פּתח תקוה איבער טויזנט יידישע ארבעטער צוזאַמען מיט אירע טויזנטער אראַבער.

אָבער איצטער ערשט איז זי יידיש געוואָרן. די יידישע ארבעטער האָבן אריינגעבראַכט יידישע קולטור און קולטור בכלל. הבימה־פאָרשטעלונגען, אהל־פאָרשטעלונגען, רעפעראַטן, פאָרלעזונגען...

און איצטער ערשט איז זי געוואָרן צוואַנציקסטער יאָר־הונדערט...

דאָך איך בין אנטוישט!... נעם מיך אוועק, שאָפער דו מיינער!...

.7

## — — ביז וואַדי כאַוואַריט

וואוהין פירסטו מיך, שאָפער?!

די אַכטאונפערציק פערד אין דער נייער מאַשין סאָפּען, קרעכצן, בלאָזן, אָטעמען שווער, קוים באַוועגנדיק זיך איבער שטיינער, דערנער, קוסטעס, וועגלאָז, שטעגלאָז, און די מאַשין וואַרפט, שאָקלט, טרייסלט אַרויס די נשמה.

אַ מיילנווייט שטיק פּלאַכלאַנד, באַהאָרבט פון אַ סך קליינע קײַלעכדיקע בערגלעך, אויפן מיטן וועג צווישן תל אביב און חיפה. אין מערב דער ים, אין צפון־מזרח די קאָלאָניע גדרה, אין דרום די קאָלאָניע נתניה. דער טײַך, וואָס שנײַדט דאָ דורך אויף זײַן וועג צום ים, הייסט אַלעקסאַנדער, זיכער אַ נאָמען נאָך אַלעקסאַנדער מוקדון, וואָס איז דאָ דורכגעגאַנגען אויפן וועג פון זײַנע זיגן און דעראָבערונגען. די אַראַבער רופן דעם טײַך איסקאַנדרונה, די אַראַביזירונג פון אַלעקסאַנדער, און דער טײַך פאַרדינט זײַן נאָמען, ווײַל ער טריקנט קיינמאָל נישט אויס. נישט אַפילו אין די גרעסטע היצן פון זומער. אַ וואונדער, ווײַל די גאַנצע געגנט זעט כמעט פאַרמדברט אויס. מיט דערנער און שטעכלקעס איז באַוואַקסן די גאַנצע ערד, ברויין און עקרהדיק, גרויסע ווילדע פויגל שפּאַצירן אַרום, זוכן צווישן שטיינער און אין די שפּאַלטן פון דער ערד גאַטער־שלאַנגען, וועלכע וואַרמען דאָ אויס זייערע אייער. אַ בילד פון אונטערגאַנג, ווי ישעיה הנביא האָט זי אויסגעמאָלט.

אונטערגאַנג! די גאַנצע געגנט דאָ און ווײַטער אַרויף ביז צום כרמל אין צפון און אונטן אַראָפּ ביז איבער יפו אין דרום

האָט אַמאָל געהייסן דער שרון. ווי זינגט אַרויס דאָס וואָרט, דער שאַראָן! זיינע ליליען און רויזן זיינען געווען שיינהייטן, צו וועלכע די פּרעכטיקע שולמית פון „שיר השירים" האָט זיך צוגעגליכן. דער כרמל האָט זיך געטיילט מיט אים אין הערלעכקייט. הדר הכרמל והשרון, זאָגט ישעיה. וואַלד און פעלד, גאָרטן און בלומען, פּרוכטבאַרקייט, באַוואַקסנקייט. וואו איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען? אַך, ישעיהס נבואה איז מקוים געוואָרן. דער שרון איז געוואָרן וויסטע, „ערבה" — אַראַביש.

געביטן אויסזען, געביטן נעמען. דער טייל, וואו דער טייך אַלעקסאַנדער פאַלט אַריין אין ים, הייסט איצטער וואַדי כאַוואַריט, געוויס אַ נאָמען נאָך דעם אַראַבישן שבט כאַוואַריט, וואָס האָט דאָ געוואוינט.

וואַדי כאַוואַריט? זיינען נישט די צייטונגען פול געווען מיט דעם נאָמען? אָ, יאָ, צוריק מיט עטלעכע יאָר די פריילעכע בשורה, אַז דער מזל וברכהדיקער נאַציאָנאַל־פאָנד, מיט דער הילף פון קענעדער יידן, האָט אָפּגעקויפט איבער דרייסיק טויזנט דונאַם אין אַ געגנט, וואָס הייסט וואַדי כאַוואַריט, צו באַזעצן דאָרטן הונדערטער יידישע משפּחות, וואָס ווילן לעבן אויף דער ערד פון דער ערד. דערנאָך שטיקלעך נייעס, אַז די אַראַבער ווילן נישט פאַרלאָזן די ערד, אָדער אַ טייל פון דער ערד, און מ'מוז זיך מיט זיי אַרומשלאָגן און משפּטן...

עמיצן איז שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן דער גרויסער קויף, וועלכן די יידן האָבן געמאַכט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפרייצונג. וואַדי כאַוואַריט האָט נישט קיין זומפּן און איז פריי פון מאַלאַריע און די פאַרשיידענע טויטבריענגנדיקע פיבערס, האָבן די אויפרייצער אָנגעפילט זי מיט פעך און שוועבל פון האַס און שנאה, מיט גיפט און אויפריים־שטאָף. אויף דעם שטח, וועלכן דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט אָפּגעקויפט עפנטלעך און רעכטלעך אויף אַן עפנטלעכן פאַרקויף, האָבן געוואוינט פאַרשיידענע קליינע אַראַבער־שבטים, צוזאַמען עטלעכע הונדערט נפשות. זיי זיינען אַלע פּאַרגיטיקט געוואָרן לויט די שטיקער ערד, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט. אַ פּאַרגיטיקונג,

וואָס האָט זיי געדאַרפט געבן די מעגלעכקייט צו באַזעצן זיך ערגעץ־וואו אַנדערש. זיי האָבן אויך אָנגענומען די פאַרגיטי־קונג, פאַרלאָזן די ערד, צושפּרייט זיך איבערן גאַנצן לאַנד. באַלד האָבן די אויפרייסער אָנגעהויבן צוצורעדן זיי, זיי זאָלן צוריק פאַרנעמען די ערד. אייניקע שבטים פון די געוועזענע באַנוצער פון דער ערד האָבן געפאָלגט די אויפרייסער, און אַ שטח פון אַ פינף טויזנט דונאַם איז געוואָרן אַ קאַמף־פּלאַץ.

פאַרברעכערישע אויפרייצונג! עס וועט איר נישט געלינ־גען צו פאַריאָגן די קעמפער פאַר אַ נייעם לעבן. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פון די גרינגע טויט־אויגן פון דעם גרינעם פיבער און נישט פון די געלע אומקום־אויגן פון דעם געלן פיבער. זיי האָבן פאַרטגעזעצט זייער אַרבעט אין אַלע געפאַרן און זיינען קיינמאָל נישט אָפּגעטראָטן פון איינגענומענע פּאָ־זיציעס. אויך דאָ, וואו שרונשע רייכקייט איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין מדברשער אָרעמקייט, וועלן זיי פאָרטזעצן זייער אַר־בעט פון אויפלעבונג און באַנייאונג, וועלן זייען און פלאַנצן און באַוואַלדן, אויפשטעלן אַ ניי לעבן אויף נייע יסודות פון אַ נייער אָרדנונג, בויען הייזער און שולן און גרויסע פאַר־זאַמלונגס־זאַלן פאַר לעקציעס און טעאַטער און קאָנצערטן. און עס וועט ווידער אויפבליען דער שרון, און הערלעכער ווי פריער...

בלייב דאָ שטיין, שאָפער דו מיינער!

אין וויטן טאָל אויף איינעם פון זיינע האָרבן שטייט אַן איינזאַמער „צריף" — אַן איינזאַם געצעלט, דאַך און ווענט פון געקנייטשטן בלעך, די דיל אונטער די פיס — טיפער זאַמד. לענגער ווי ברייטער. אין די לענגוועגט צו דריי כמו־פענסטער: אַ שטיק בלעך פון דער וואַנט הייבט זיך אויף ווי אַ דעכל און לאָזט אַריין ליכט און לופט. ווען נויטיק, לאָזט מען עס אַראָפּ, פעסטיקט עס צו און עס ווערט אַ טייל פון דער וואַנט, אַ טייל פון שוץ און באַהיטונג. ביי איינער פון די ברייטווענט איז צוגעבויט פון ברעטער אַ פירהויז מיט דער אַריינגאַנגסטיר ביי דער זייט. דער אינווייניק איז איינגעטיילט

אין א פאר חדרים פאר די דרייצן באוואוינער, צוועלף מענער און איין פרוי.

דער אוואנגארד פון א קבוצה פון דעם „שומר הצעיר", וואס וועט זיך דא באזעצן און פירן א לעבן פון ארבעט אויף נייע יסודות פון פולער גלייכהייט, פון אלעמען פאר אלעמען, אן דיינס און מיינס. איבער הונדערט מענטשן וועלן זיך דא באזעצן, די דרייצן גרייטן צו פאר זיי די ערד, מאכן מעגלעך די באזעצונג, וועדליג די אנדערע ארבעטן דערווייל אויף פרעמדע פעלדער אדער ביי אנדערע ארבעטן און האלטן אויס זיך און זיי.

האט איר נישט מורא, איר דרייצן? די אטמאספערע ארום אייך איז אנגעפילט מיט שטינקגאזן פון ליגן און רכילות און בלבולים, אין פינסטערע מוחות און בייזע הערצער ליגט־אונטער פארברעכערישע אויפרייצונג איר פייער. אייערע שונאים קאנען אנקומען אין צענדליקער און הונדערטער, רייטער און פוסגייער, מיט ביקסן און רעוואלווערן? ווי וועט איר זיך פארטיידיקן און באשיצן, איר דרייצן?

העי, זיי האבן שוין לאנג פארגעסן, וואס מורא איז! זיי זיינען רעוואלוציאנערן, וואס זיינען געקומען איבערצובויען דאס לעבן, און רעוואלוציאנערן ווייסן נישט פון מורא.

די בלעכוועגט פון דעם צריף זיינען נאר א ביסל דיקער געמאכט, און דאס אלץ. מוטיק און אן מורא צוגייען זיי זיך ביטאג צו זייערע פארשיידנסטע פארבארייטונגס־ארבעטן, וועלכע דארפן דא געטאן ווערן. אקערן, זייען, יעטן, פלאנצן, א ברונעם גראבן, שטאלן בויען, שטייגן מאכן. א גאנצן טאג צושפרייט, איינציקווייז און פארלעך, ווייט איינע פון די אנדערע. אין צריף בלייבט אפט די איינציקע פרוי אליין. און זיכער זיינען די טריט, און פעסט די הענט, און רואיק די הערצער. די ארבעט מוז גוט געטאן ווערן, אומרואיקייט קאן זי קאליע מאכן. מוטיקע אנטשלאסנקייט ליגט אין יעדן קער און ווענד.

נאר ביי דער נאכט זיינען זיי פארזאמלט אין דעם צריף אונטער דעם שוץ פון זייערע בלעכוועגט. דעמאלט ווערן אויך

די בלעכפענסטער צוגעמאכט. דער שיין פון לאמפ דארף נישט זיין קיין ציל פאר א פאררעטערישער קויל, און זיבער וואכט איינער, ווען די אנדערע שלאפן, א שומר אין דער נאכט.

קום ווייטער, שאפער דו מיינער. צו וועלכע איינזאמקייטן, וואס וועלן ווערן פרייליכע צוקונפט, וועסטו מיך איצטער פירן?

אט איז די וויטקין־גרופע, וואס דארף צוגרייטן א באזעצונג פאר אירע הונדערט־און־צוואנציק ארבעטער־משפחות, און אט איז די „עמק"־גרופע, וואס גרייט־צו א באזעצונג פאר אירע הונדערט ארבעטער־משפחות. ביידע גרופן, צוזאמען א דרייסיק מאן, האבן אנגעהויבן זייערע ארבעטן נאך אין יאר 1929, אבער די אראבער האבן אנגעהויבן צו מאכן שטערונגען, און א פיינטלעכע רעגירונג האט אפגעשטעלט די ארבעט. לאנגע חדשים איז די ארבעט געשטאנען, ביז מ'האט געפונען אן אויסוועג. א באשטימטער שטח איז צייטווייליק פארדונגען געווארן צו די אראבער, און דאס איבעריקע לאנד איז באפרייט געווארן פאר יידישער ארבעט. האט דאס די ארבעט ביי די ביידע גרופן א ברען געטאן! און די אלטע מידע ערד האט זיך אפגערופן מיט יונגער קראפט. הייבט זי נישט אן צו באקומען אן אויסזען פון אויפלעבונג און פרישקייט?

און אט איז „חרות" ב., די צוקונפטס־היים פון פינפאונזעכציק אמעריקאנער יידישע משפחות.

זיי זיינען נאך אין אמעריקע אין זייערע פארשיידענע שטעט און ביי זייערע פארשיידענע געשעפטן, אבער זייער ערד איז שוין באפלאנצט און באוואקסן.

„יכין" האט עס פאר זיי געטאן.

„יכין!" — צוגרייטער, פארטיק מאכער. איינע פון די אויסגעצייכנטסטע אויפטואונגען פון דער הסתדרות, פון דער ארגאניזירטער יידישער ארבעטערשאפט אין ארץ ישראל. א קאאפעראטיווע געזעלשאפט פון ארבעטער פאר אונטערנעמונגס־ארבעטן אין דער לאנדווירטשאפט. ווען פריוואטע מענטשן אדער געזעלשאפטן ווילן זיך באזעצן אויף ערד און קאנען דורך וועלכע עס איז סיבות אליין נישט טאן די ארבעט, טוט

„יכין" זי פאר זיי. באאקערט, באזייט, באפלאנצט, באוואסערט. אין פינף יאר גרייט צו „יכין" אן אראנזשן־פלאנטאציע, אויפן זעקסטן יאר קאנען קומען די באלעבאטים, איינבויען זיך און לעבן אויף זייער אייגענער פלאנטאציע פון זייער פלאנטאציע. דורך דעם „יכין" האט די הסתדרות געפונען א וועג פאר נאך א סך יידישע מענטשן, ווי צו פארווירקלעכן זייער פארלאנג נאך ארץ ישראל. און ארבעטער האבן ארבעט און פרנסה. דאס שענסטע דערביי: זיי האבן פרנסה און קאנען זיך אליין באזעצן אויף ערד אין זייערע אייגענע קבוצות. די גרופן וויטקין און די גרופע „עמק", ארגאניזירט אין „יכין", באארבעטן די ערד פון „חרות" ב. דאס גיט זיי די מיטלען צו באארבעטן זייער אייגענע ערד פאר זייערע אייגענע באזעצונגען.

דער נאציאנאל־פאנד גיט די ערד. קומט, יידישע קינדער, און באזעצט זיך, לאזט אוועק אייער לופט־לעבן און ווארצלט זיך איין אין מיין ערד, וואס איז דעם גאנצן פאלקס ערד. איר קאנט די ערד נישט אפקויפן, ווייל דעם פאלקס ערד ווערט נישט פארקויפט, איר קאנט זי בלויז דינגען, נעמען אין ארענדע. דינגען אויף אייער גאנץ לעבן, איבערגעבן זי אפילו בירושה...

הונדערטער און הונדערטער יידישע משפחות וועלן זיך דא באזעצן — דא, אין דעם איצטער איינזאמען וואדי כאוואריט. באפרייטע מענטשן, ארבעטס־מענטשן, ערד־מענטשן. דער שרון וועט ווערן א וואוינונג פון שאפנדיקער ארבעט, די פרוכטבארקייט פון א נייעם לעבן...

געבענטשט די, וואס האבן די אנטשלאסנקייט צו מאכן דעם אנהייב!

וואויל אייך, מוטיקע ארבעטער פון מוטיקן אויפבוי!

.8

# וואַלד - געזאַנג

וואַלד! אמתער וואַלד! ווייט און ברייט הויכע, ווייסשטאַ־מיקע, גרינצווייגיקע, בלעטערדייכע, שאָטיקע בוימער!...

דער אויטאָמאָביל טראָגט זיך שנעל און רואיק, גליטשט זיך במעט אויף דעם גלאַטן גרונט פון דעם וואַלד ביי חדרה אין אַן אַלייע צווישן הויכע בוימער. די זון באַפייערט די שפּיצן פון די גרינע ריזן, באַהייצט און באַהיצט די גאַנצע לופט, אָבער אונטער די בוימער איז קיל. פרייד איז צוגאָסן אויף די געזיכטער: אין ברען פון טאָג קילקייט פון וואַלד! איבעראַ־שונג זינגט אַרויס פון די אויגן: וואַלד! אמתער וואַלד אין ארץ ישראל! שורות און שורות הויכע, ברייט פאַר־צווייגטע, בלעטערדייכע, שאָטיקע בוימער!

אייקאַליפּטוסן. דער אויסטראַלישער בוים, וואָס די יידן האָבן אַריינגעבראַכט און פאַרפלאַנצט אין ארץ ישראל. די אַראַבער רופן אים דערפאַר „דער יידנבוים”.

דער נאָמען איז גוט צוגעפּאַסט. די אַראַבער ווייסן אַליין נישט, ווי גוט, ווייל דער בוים איז אַ צו־להכעיס־בוים, אַ קשה עורף. ער וואַקסט, אפילו ווען מען וויל נישט ער זאָל וואַקסן. מ'קאָן אים אויסראָטן נאָר מיט די וואָרצלען. אָפּהאַקן אים העלפט נישט. בלייבט פון אים אין דער ערד כאָטש דאָס קלענ־סטע שטיקל, וועט ער ווידער אויסוואַקסן. פון דער זייט פון דעם איבערגעבליבענעם שטאָם שפּראָצט אַרויס אַ צווייגל, אַנטוויקלט זיך גיך, שטייגט הויך און העכער, ווערט דיק, ווערט שטאַרק, פאַרצווייגט זיך, און באַלד שטייט שוין אַ נייער בוים

אויף דעם שטאם פון דעם אָפּגעהאַקטן. אויפן וועג דורך דעם חדרה־וואַלד שטייען אַ סך אַזעלכע ביימער. נייע ביימער פון אַלטע שטאַמען. יידן־ביימער.

און רעטונגס־ביימער. די ערד אונטער זיי איז געווען טיפער זומפּ, קדחת־פאַרשפּרייטערין, טויט־ברענגערין. אפילו די אַראַבער, אויפן זומפּ געבאָרענע, האָבן נישט געקאָנט אויס־האַלטן פון דעם מלאך המות, דעם גרינעם פיבער, און אַוועק־געראַטעוועט זיך אויף די אַרומיקע בערג. וואָס האָבן זיי זיך געטראַכט, ווען זיי האָבן מיט פופציק יאָר צוריק פאַרקויפט דעם דאָזיקן טויט־פּלאַץ צו די יידן? זיי האָבן נאַטירלעך גע־לאַכט אין די הויפנס, אָבער זייער געוויסן איז געווען ריין. די יידן האָבן געוואוסט, אַז זיי קויפן אַ מענטשן־מערדער.

די זומפּן זיינען געלעגן צושפּרייט אונטער דער זון אין זייער גאַנצער העסלעכקייט, דער גרינער־פיבער־טויט צווישן די אַרטיקע אַראַבער איז קיין סוד נישט געווען. די אַראַבער האָבן גערופן דעם פּלאַץ „אַל־אַחצירה", און די יידן האָבן זיך געלאָזט פאַרטייטשן דעם נאָמען. אפשר שטעקט הינטער אים אַן אַלטער נאָמען פון תנ"ך, אַ נאָמען, וואָס וועט זיי טייערער און נענטער מאַכן די געקויפטע נחלה. זיי האָבן אויסגעפונען, אַז אַל־אַחצירה איז דער טייטש די גרינע. גאָרנישט פון דער ליבער אַלטער פאַרגאַנגענהייט, אָבער אַן אָנזאָג אויף אַ ביטע־רער נאָענטער צוקונפט. דאָך די יידן האָבן זיך נישט דער־שראָקן. אַ נייַ שטיק ערד וועט אויסגעלייזט ווערן, וועט יידיש ווערן! ענטוזיאַזם און התלהבות, די קדחת קאָן דאָ קיין שליטה נישט האָבן. זיי האָבן נאָר געענדערט דעם נאָמען. פון אַל־אַחצירה איז געוואָרן חדרה. קלינגט ענלעך און דאָך אַן אַנדער נאָמען. כמעט אַ היסטאָרישער נאמען. די „גרינע" וועט מער דעם פּלאַץ נישט דערקענען. זיי האָבן די „גרינע" נישט אָפּגענאַרט, זייער ענטוזיאַזם און התלהבות זיינען אומ־ברחמנותדיק שלעכט באַלוינט געוואָרן. פון די ערשטע פינפהונ־דערט און פערציק קאָלאָניסטן זיינען אַוועקגעפאַלן צווייהונ־דערט און פערצן, מענער, פרויען און קינדער.

דער אייקאַליפּטוס־בוים האָט געבראַכט די רעטונג. ער

נעמט זיך שנעל אָן, זיינע וואָרצלען צולאָזן זיך טיף און ווייט, זויגן אויס די גאַנצע פייכטקייט פון דער ערד, טריקענען זי אויס, מאַכן זי געזונט. אַ האַלבער מיליאָן אייקאַליפּטוסן האָט דאָ באַוויזן דעם וואונדער. חדרה געהערט איצטער צו די גע־זינטסטע פּלעצער אין ארץ ישראל.

אַ שטח פון פופציק־טויזנט דונאַם מיט אָראַנזש־פּלאַנ־טאַציעס, תבואה־פעלדער, מאַנדל־גאָרטנס, מעלאָנען־גאָרטנס, וואַלד און וויזעס מיט גוטער פּאַשע. אויף דער אייזנבאַן־סטאַנ־ציע, וואָס שטייט אויף דעם אָרט פון אַ געוועזענעם זומפּ, גייט גאָר לעבעדיק צו. יערלעך ווערן אויסגעפּאַקט און איינגע־פּאַקט אַ פּאָר טויזנט וואַגאָנען מיט פאַרשיידענע פּראָדוקטן און סחורות.

די קאָלאָניע פון קאַמף מיטן טויט איז געוואָרן אַ שטעטל פון קאָכיקן לעבן. ברייטע גאַסן, הייזער — אַרום פינף הונדערט הייזער, דאָס רוב פון שטיין און בעטאָן — באַצירט מיט פריי־לעכער פאַרביקייט פון בלומען, באַשאָטנט פון הויכע אייקאַ־ליפּטוסן, באַכיבודעט מיט די פרוכטן פון די פאַרשיידנסטע פרוכט־בוימער, באַוואוינט פון אַן ארבעטנדיקער באַפעלקערונג פון נאָנט צו צוויי און אַ האַלב טויזנט נפשות.

און הונדערטער, הונדערטער יידישע אַרבעטער!

אויך אין חדרה, ווי אין פּתח תקוה, ווי אין אַלע אַנדערע אַלטע יידישע קאָלאָניעס האָט מען נישט געוואָלט באַשעפטיקן קיין יידישע אַרבעטער, סיידן ווען מען האָט נישט געקאָנט קריגן קיין אַראַבער, אָדער סיידן ווען מען האָט געדאַרפט האָבן באַשיצער, מענטשן, וואָס זאָלן איינשטעלן זייער לעבן פאַר יידיש האָב און גוטס.

די קאָלאָניסטן פון חדרה האָבן געליטן נישט בלויז פון דעם גרינעם פיבער, נאָר אויך פון די ברוגעטע שכנים, וועלכע האָבן געגנבעט ביינאַכט און געגזלט בייטאָג. זיי פלעגן דער־ווייזן אַראָפּצונעמען פון די יידישע פעלדער, ווען די יידן האָבן נאָך געשאַרפט זייערע שניידמעסער. און האָט אַ קאָלאָניסט אָנגעלאָדן אין פעלד אַ פולן וואָגן מיט תבואה, האָבן אַראַבישע „קלייבער" באַגלייט אים דעם גאַנצן וועג ביז צו דער קאָלאָניע,

און ער פלעגט קומען אהיים מיט א ליידיקן וואגן. גליקלעך גאנץ, וואס ער האט זיך אליין געבראכט. מען האט אפילו גע־האלטן אראבישע שומרים, אבער זיי האבן באקומען זייער שכי־רות פון דער קאלאניע און פארגרעסערט זייער איינקונפט דורך טיילן זיך מיט די גנבים. ענדלעך האט מען זיך געמוזט ווענדן צו די יידישע שומרים. צו יענע העלדן, וועלכע האבן געזעסן אין דער יידישער שמירה דיזעלביקע לעבנספראגע פאר דעם נייעם ישוב ווי די אויסטריקעניש פון זומפן און מוסר נפש געוועזן זיך פאר איר; צו יענע העלדן, וועלכע זיינען שוין א הערלעכע לעגענדע. און טאקע גאר שנעל איז אין חדרה אויך דער גנבה־זומפ אויסגעטריקנט געווארן.

דער אידעאליזם פון די יידישע ארבעטער האט געזיגט. סוף כל סוף איז אראפגענומען געווארן פון זיי דער באיקאט. און חדרה האט פון דעם זייער פיל געוואונען. זי איז זיבערער, זי איז יידישער, זי האט אריינגעבראכט צו זיך לעבן און קול־טור. איר גרעסטע געביידע איז דאס פאלקס־הויז, וואס די אר־בעטער האבן אויסגעבויט פאר זיך. דא ווערט טעאטער גע־שפילט, דא זינגט די אפערע, דא ווערן קאנצערטן געגעבן פון אנגעזעענע קינסטלער און אויך פון אייגענע.

דער ארבעטער־דאקטאר האט א „בייבי", האלט זי אונטער שלאס און ווארפט צו איר אפט אריבער פארבענקטע בליקן. ער וואלט געוואלט זיין מיט איר וואס אפטער, אבער די פליכטן, די אומצייליקע פליכטן און ארבעטן לאזן אים נישט. א, בעט אים גוט, וועט ער זיך אפדייסן אויף א ווײַלע פון זיין ארבעט און אויפשליסן פאר אייך די טיר און באווייזן אייך זיין בייבי. ווען ער איז פריי, דארף מען אים נישט בעטן. דעמאלט טראגט עס אים צו איר. עס איז א שטיינוויי־פיאנא, א „בייבי גרענד", און ער שפילט אויף איר. און א גוטער פידלער איז פאראן צווישן די ארבעטער, און אן אויסגעצייכנ־טער טשעליסט. הערט מען גאנץ אפט היימישע קאנצערטן פון גוטער קלאסישער קאמערמוזיק, און חדרה האט „עלית נשמה", חדרה און איר גאנצער ארום.

**א, חדרה האט שוין א גאנצן ארום. חדרה ובנותיה —**

חדרה און אירע טעכטער. נהליאל, חפציבה, די ארבעטער־שכונה, וואס טראגט דעם נאמען פון ריכטער לואי בראנדייס, און די שענסטע, גרעסטע טאכטער גן שמואל.

געבארן געווארן אין דער זומפצייט. יידן מיט פרומקייט אין הארצן האבן זיך אויסגעקליבן דעם דאזיקן ווינקל לעבן חדרה און א נאמען געגעבן אים גן שמואל לכבוד שמואל מאהליוועער, דעם ביאליסטאקער רב, וואס איז געווען א באגייסטערטער אנהענגער און ווארטפירער פון דעם נייעם ישוב אין ארץ ישראל. דער זכות פון דעם רב און זייער אייגענע איבערגעבנקייט האבן זיי געזאלט ביישטיין אין זייער אונטערנעמונג. אבער דער פיבער און די רויבערישע שכנים זיינען געווען צו שטארק. די ארעמע קאלאניסטן האבן געמוזט פארלאזן דעם פלאץ, איבערלאזן בלויז דעם נאמען.

אין יאר 1913 איז אנגעקומען א קליינע גרופע יידישע יונגעלייט מיט דער רעליגיע פון ארבעט אין קאפ און הארצן, האבן איבערגענומען פלאץ און נאמען און באזעצט זיך אלס קבוצה.

ווייסט איר, וואס איר האט איבערגענומען, איר יונגע יידישע ארבעטער? די פאר הייזער זיינען חורבות, דער ברונען אן וואסער, די ערד — פארלאזנקייט און זומפ. די גרינע אויגן פון דעם פיבער קוקן אויס אויף אייערע לעבנס, די שווארצע אויגן פון אייערע שכנים קוקן ארוים אויף אייער ארבעט!

יא, זיי האבן דאס אלץ געוואוסט. אבער ארץ ישראל מוז אויפגעבויט ווערן, יידישע ערד טאר נישט שטיין פארלאזן.

דער פיבער האט זיך באלד גענעבן צו פילן. אבער וואס מאכט עס אויס! היץ און קעלט און כינין און — געארבעט! געפאלן פון די פיס, אבער די הענט נישט אפגעלאזן. געקעמפט מיט די שווערע באדינגונגען פון דער ארבעט, געקעמפט מיט נויט און הונגער, געקעמפט מיט דעם פיבער, געקעמפט מיט די שטערנדיקע־צושטערנדיקע שכנים, וועלכע האבן דערפילט, אז דער פלאץ דא האט באקומען א באלעבאס מיט א שטארקן ווילן און א שטארקער פויסט, און זיינען ארומגעגאנגען מיט

מאָרד אין הארץ. געקעמפט, געקעמפט אומדערמידלעך, אומ־דערשראָקן. עטלעכע געשטאָרבן פון פיבער, עטלעכע געהרגעט געוואָרן פון דער מערדערישער האנט פון די שכנים, עטלעכע האָבן נישט אויסגעהאלטן און זיינען אוועק, אָבער נייע זיינען אונטערגעקומען, האָבן פאָרטגעזעצט די ארבעט און ענדלעך גע־זיגט. געזיגט אויף דער גאנצער ליניע. גן שמואל איז איצטער פולסטע דערגרייכונג!

שווין דער צופאָר דורך דעם אייקאליפטוס־וואלד! צו וועלכן צוויבערלאנד פירסטו מיך, שאָפער דו מיינער? א ברייטע טויער, א פריצישער אריינפאָר... וואָס פאר א ווארעמע רחבות דער הויף מיט אלע זיינע געביידעס! די אויגן צולויפן זיך... אומע־טום אָרדנונג, ריינלעכקייט, וואוקס.

אָן עין הרע די קינדערלעך אין דער קינדער־היים! אָן עין הרע די קינדער אין דער שולע! גוט עסן און געזונטע לופט רויטלט זיך אויף זייערע באקן.

און אָן עין הרע די פיל בהמות! איר קאָנט אין שטאל נישט אריין, ווייל ווער ווייס, וואָס איר טראָגט מיט זיך פון פרעמדער לופט. איר קאָנט נאָר אריינקוקן דורך די ברייטע טירן. ווי ריין, ווי היגיעניש! די בהמות אָפגעזונדערט איינצל־ווייז אין געמויערטע צעלן, ארומגערינגלט מיט יעדן בהמהשן וואוילטיק...

קוקט נאָר אָן די גרויסע, גרויסע הינערשטייגן! הינער־הייזער זיינען עס, און הינער־הויפן מיט טויזנטער הינער, גע־שפייזט און געטריינקט נאָך די לעצטע מעטאָדן...

און אָט איז די נייע וועשעריי! די חברטעס, וואָס האָבן אויף זיך צו וואשן די וועש פון די פערציק פאמיליעס אין דער קבוצה, דארפן זיך נישט אָפארבעטן מיט רייבן און קלאפן און דרייען די שווערע נאסע שטיקער. עלעקטרישע וואש־מאשינען טוען פאר זיי די ארבעט.

און איצטער קומט ארוים אויף דער רחבת פון די באַ־זייטע פרוכטבארע פעלדער, אין די אלייען פון די אָראנזש־פלאנטאציעס, געפלאנצט און געהאלטן נאָך דעם לעצטן וואָרט פון אָראנזש־פלאנצעריי...

א גן עדן — גן שמואל! די אמאָליקע פיבער־ערד אָטעמט לעבן און קראַפט פאַר די פערציק אַרבעטער־משפחות, וואָס לעבן זיך דאָ אויס אין פולער גלייכהייט פון דער קבוצה, אין אַרבעט פון אַלעמען פאַר אַלעמען, אין נייע באַציאונגען פון מענטש צו מענטש...

צוקונפט, נאָך וועלכער די ליידנדיקע מענטשהייט בענקט, אָט ביסטו דאָך דערגרייכונג!

9.

## ביז צו די חסידים

ניין, נישט שטיין בלייבן אין זכרון יעקב! — —

איינע פון די עלטסטע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל, געגרינדעט פון רומענישע יידן ביי דער דרום-זייט פון דעם כרמל, אויפן וועג קיין חיפה. די יידישע נויט אין רומעניע און די באַגייסטערונג פאר דער אידעע פון ווידעראויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק אין זיין אַלטן לאַנד האָבן זיי געבראַכט מיט פופציק יאָר צוריק קיין ארץ ישראל, מיט זייער ווייניק באַקאַנטשאַפט מיט די באַדינגונגען פון לאַנד און ערד, מיט זייער קנאַפער קענטשאַפט פון דער אַרבעט, וואָס האָט אויף זיי געוואַרט, און מיט נאָך ווייניקער מיטלען אויף אויסצוהאַלטן די לערצייט. עס איז אַוועקגעגאַנגען גאָר שלעכט, ווי מען האָט געדאַרפט דערוואַרטן. ווען עס האָט געהאַלטן זייער שמאָל, איז אונטערגעקומען דער „נדיב הידוע", דער באַרימטער בעל טובה, באַראָן ראָטשילד. ער האָט אַרויסגעהאָלפן, אָפּגעראַטעוועט פון אונטערגאַנג, איבערגענומען ערד און מענטשן אין זיין רשות. די קאָלאָניע האָט ביז דעמאָלט געטראָגן דעם אַראַבישן נאָמען סאַמאַרין, איצטער האָט זי אָנגענומען דעם נאָמען זכרון יעקב. צום אָנדענק פון דעם גוטן באַראָנס פאָטער, וואָס האָט געהייסן יעקב. אָבער זי איז נאָך מער אַן אָנדענק פון אַ פאַרראַט.

פון דעם פאַרראַט, וועלכן די יידישע קאָלאָניסטן אין ארץ ישראל זיינען באַגאַנגען קעגן די יידישע אַרבעטער, קעגן די, וואָס האָבן געוואָלט ווערן יידישע אַרבעטער, וויל לאַנד און

פאָלק זאָלן אויפגעלעבט ווערן נאָר דורך יידישער ארבעט. זיי האָבן זיי פאַרלאָכט, פאַרטריבן, געלאָזן זיי פאַרהונגערן. דאַרפן, וואו זיי האָבן זיי באַשעפטיקט, האָבן זיי זיי פאַרפאָלגט מיט ווילדע געזעצן, מיט „קולאַקישע” באַליידיקונגען.

וואָס פאַר אַ העסלעך בלאַט אין דער געשיכטע פון דעם נייעם ישוב! די בעסטיאַלישע ביליקייט פון די אַראַבישע אַר־בעטער האָט אויפגעוועקט אין די קאָלאָניסטן די ערגסטע אינ־סטינקטן. די אידעע פון לעבן אויף דער ערד פון אייגענער ארבעט איז שנעל אָפּגעשטאָרבן. מען איז געוואָרן הארן און אונטערטרייבער פון ביליקע שקלאַפן. באַלד האָט מען אפילו פאַרגעסן דאָס ביסל פון דער ערד־ארבעט, וואָס מען האָט אויסגעלערנט אין די ערשטע יאָרן. מען האָט נישט גענומען קיין יידישן ארבעטער אפילו פאַר דעם פּרייז פון אַן אַראַבער, ווייל מען וואָלט געדאַרפט אים לערנען, באַווייזן, און דאָס איז געווען אוממעגלעך פאַר די יידישע „פּויערים”.

די פאַנאַטיקער פון דער רעליגיע פון ארבעט, די, וואָס זיינען געוואָרן די אָרגאַניזירטע ארבעטערשאַפט פון ארץ ישראל, האָבן נישט אויפגעהערט צו קעמפן פאַר דאָס רעכט אויף יידישער ארבעט און ענדלעך געבראָכן דעם באָיקאָט קעגן זיי, נאָר נישט אין זכרון יעקב. אין דעם צעטל פון קאָלאָניעס, וואָס באַשעפטיקן יידישע ארבעטער, איז דער נאָמען זכרון יעקב עד היום נישטאָ. אפילו ווען זי האָט שטאַרק געליטן פון גנבות, האָט זי קיין יידישע שומרים נישט אָנגעשטעלט. אירע אַראַ־בישע שומרים זיינען געווען די גנבים־פירער, זי האָט עס אָנ־גענומען פאַר ליב און איז געבליבן ריין פון יידישער ארבעט און יידישע ארבעטער.

אין אירע ערשטע יאָרן אונטער דעם רשות פון דעם גוט־הארציקן באַראָן האָט זכרון יעקב געלעבט אַ גוטן טאָג. עס האָט גערעגנט מיט גאָלד, און אומצייליקע פאַראַזיטן, וואָס האָבן גע־טראָגן דעם שותפותדיקן נאָמען אַדמיניסטראַציע, האָבן זיך געבאָדן אין דעם רעגן און געלאָזן אויך די קאָלאָניסטן הנאה האָבן. זכרון יעקב האָט דעמאָלט געקראָגן דעם נאָמען קליין־פּאַריז.

איצטער קאָן זי הייסן קליין־אראביע. אין אירע גאַסן און אויף אירע פעלדער זעט מען דאָס רוב אראבער. אָבער אויך אין אירע הייזער איז אַראַביע אריינגעדרונגען. אירע קינדער שטייען אויף אַ סך אַ קלענערן קולטור־ניוואָ ווי די קינדער פון די אַנדערע קאָלאָניעס...

פאָר ווייטער, פאָר ווייטער, מיין שאָפער! — —

טראָגט זיך דער אויטאָמאָביל צווישן ים און כרמל, אויף דעם וועג צו חיפה און ווייטער צום צפון, אויף דעם וועג צום עכו־טאָל, נישט ווייט פון דעם אָרט, וואו דער טייך קישון פאַלט אריין אין ים.

דער קישון! דער טייך פון דבורה הנביאהס געזאנג... מיט דרייטויזנט יאָר צוריק איז ביי זיינע ברעגן פאָרגעקומען די מלחמה פון דבורה דער נביאה און ברק דעם זון פון אבינועם מיט סיסרא דעם באַפעלער איבער דעם חייל פון די כנענים, וואָס האָבן דערמאָלט באַדריקט די קינדער פון ישראל אין זייער לאַנד. סיסרא און זיין חייל זיינען געשלאָגן געוואָרן, קיין איי־נער פון זיינע סאָלדאַטן איז נישט לעבן געבליבן. „פון הימל האָט מען מלחמה געהאַלטן מיט סיסראן, דער טייך קישון האָט זיי אַוועקגעטראָגן, דער אַלט־צייטן־טייך, דער קישון־טייך...“

קליין און שמאָל. זיין גאַנצע לענג איז דרייאונצוואַנציק מייל, זיין ברייט — נאָר אַ גוטער שפרונג. צען טריט פון אים זעט מען אים נישט. ביי זיין אריינפאַל אין ים קאָן מען אים אריבערפאָרן מיט אַ וואָגן. דאָך די ביידע טאָלן, וועלכע ער גייט דורך, דער יזרעאל־טאָל און דער עכו־טאָל, זיינען גע־וועזן פון די פרוכטבאַרסטע געגנטן אין לאַנד און געדיכט באַ־זעצט. שטעט און דערפער פון ביידע זייטן, וועלדער געדיכט באַ־בוימט און פעלדער שווערע מיט ווייץ און קאָרן. דער קישון האָט גוט געדינט ערד און מענטשן.

שפּעטער, ווען די, וואָס האָבן געליבט דאָס לאַנד, זיינען פון אים פאַרטריבן געוואָרן, האָט זיך אָפּגעטאָן די שיינקייט און פרוכטבאַרקייט אויך פון דער קישון־זייט. פאַרשוואונדן דער וואַלד, די פעלדער פאַרדאָרנט געוואָרן, די אונטערערדישע קוואַלן, די קישון־אָדערן, זיינען פאַרשטאָפּט געוואָרן, און די

געמויזעכטס־פלאַנצן דאָ און דאָרט און אומעטום אין ביידע טאָלן זיינען געוואָרן טרויער־אָנזאָגער פון מערדערישע זומפּן.

אַלטצייטן־טייך, קישון־טייך, כנענס טויט, יידישער געזאַנג — ער ווערט ווידער יידישער געזאַנג. אויף זיין גאַנצער לענג. פון זיין אָנהייב ביים תבור ביז צו זיין אַריינפאַל אין ים, אין יזרעאל־טאָל און עכו־טאָל.

דער עכו־טאָל — פול און פיל מיט טויטלעכע זומפּן. די אַראַבער האָבן געוויסע פלעצער גערופן אל־מית, דער טויט, און זיינען זיך צולאָפן פון זיי. דער געבענטשטער, מזל וברכה־דיקער נאַציאָנאַל־פאָנד, דער קרן קימת האָט אויפגעקויפט איין פלאַץ נאָך דעם אַנדערן און געגעבן די יידישע אַרבעטער אויסצוטריקענען די זומפּן. פרנסה פאַר די אויסטריקענער, געזונט און לעבן פאַר דער אויסגעטריקנטער ערד. די אויסטרי־קענער האָבן אויפגעעפנט און אויסגערייניקט די פאַרשטאָפּטע סוואַלן, אויסגעגראָבן לאַנגע, ברייטע קאַנאַלן, און שיינע טיי־בעלעך אין צעמענטירטע בעטן טראָגן איצטער ריין, געזונט וואַסער אין קישון אַריין. אַ שווערע אַרבעט געווען, אַ זייער שווערע פאַר מענטשן, וואָס האָבן זי קיינמאָל נישט געטאָן. און נאָך שווערער דערמיט, וואָס די אַראַבער פון נאָנט און ווייט האָבן געשטערט. די אין פינסטערניש לעבנדיקע האָבן נישט געוואָלט, די זומפּן זאָלן אויסגעטריקנט ווערן. אין די זומפּן האָבן זיך אויפגעהאַלטן זייערע בויוואַלן, די זשאַמוסן. וואָס וועלן זיי טאָן מיט די זשאַמוסן אָן די זומפּן? מאַלאַריע און טויט מוזן הערשן אין אַלע זשאַמוסן־אייביקייטן! ווען זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרטרייבן די יידישע קאַנאַל־גרעבער מיט געוואַלט, זיינען זיי געלאָפן אין געריכט. דאָס געריכט זאָל זיך אָננעמען פאַר די זשאַמוסן. אָבער דאָס געריכט האָט זיך אָנגענומען פאַר די מענטשן און זייער געזונט.

נישט ווייט פון די נייע קאַנאַלן, דאָרטן, וואו טויט האָט געהערשט, ווערט איצטער אויפגעשטעלט אַ נייע באַזעצונג פון יידישע אַרבעטער — שכונת העובדים. צוויי־הונדערט קליינע הייזער ווערן דאָ אויסגעגאָסן פון בעטאָן, אייגנטום פון זייערע צוקונפטיקע באַוואוינער. בלומען וועלן זיך דאָ באַווייזן אין

זייער רייכער פּאַרביקייט, און בוימער, פּאַלמען און אייקאַליפּ־טוסן, און קליינע קינדערלעך, אַ סך קליינע קינדערלעך. אין דעם פּלאַץ פון טויט און זשאַמוסן וועט אויפזיינגען דאָס לעבן.

ווי עס האָט שוין אויפגעזונגען נישט ווייט אַנטקעגן, איבער דער אייזנבאַן־ליניע ביי דער צפון־זייט פון דעם כרמל. דאָרטן הויזט אַ יידישע אַרבעטער־קבוצה פון איבער הונדערט נפשות. אָפיציעל און אַראַביש הייסט דער פּלאַץ יאַזשור, די יידן רופן אים העברעאיש י ג ו ר (יאגור). יגור — ע ר וו ע ט וו א ו י נ ע ן, ע ר וו ע ט ב ל י י ב ן.

די קבוצה איז אַרויף אויף איר ערד אָן אַ בודזשעט אויף לעבנסמיטלען און אָן דער האָפנונג אויף אַ בודזשעט פון וועל־כער עס איז העלפנדיקער האַנט. דער קרן קימת האָט געגעבן די ערד — און גייט העלפט זיך אַליין. זיי האָבן זיך געהאָלפן אַליין, די באַגרינדער פון אַ נייעם לעבן אויף סאָציאַליסטישע יסודות. איין טייל האָט געאַרבעט אין חיפה און אין דער דערבייאיקער צעמענט־פאַבריק „נשר" און אויסגעהאַלטן זיך און דעם אַנדער טייל, וואָס איז געבליבן אין דער קבוצה און באַאַרבעט פעלד און שטאַל. שווער געווען דאָס לעבן, אָבער דאָס ערגסטע איז געווען די מאַלאַריע, וואָס האָט דאָ גע־הערשט. כמעט אַלע האָבן איבערגעקרענקט, עטלעכע זיינען געשטאָרבן. אָבער די קבוצה איז נישט אָפּגעטראָטן פון אָרט. יגור — ער וועט בלייבן! און איז געבליבן!

די ערד איז געזונט געוואָרן, די מאַלאַריע איז פאַר־שוואונדן. הונדערטער בוימער זיינען אויסגעוואַקסן, אַלעען גאַנצע, אַ פּאָר צענדליק קינדערלעך זיינען שוין געבאָרן גע־וואָרן, און די דריי טויזנט דונאַם ערד, וואָס די קבוצה האָט, זיינען פול מיט אַרבעט און דעם געזאַנג פון אַרבעט...

טיריבימבימבאַם!... טיריבימבימבאַם!... ווער באַמקעט דאָס דאָרטן פונקט אַנטקעגן איבער דער אייזנבאַן־ליניע?

אַרבע כנפות, פּאות, פּרומע באָרד... הוט און יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, דאַרע שמאָלע הענט האַלטן די לייצעס פון אַ פערד, וואָס איז צוגעשפּאַנט צו אַן אַקעראייזן... אָ, דאָס איז כפר

חסידים, דאָס חסידים־דאָרף, די קאָלאָניע פון יאבלאָנער און קאָזשעניצער חסידים.

באַזעצט זיך דאָ אויך מיט אַ זיבן יאָר צוריק און אָנגעליטן זיך גרויסע יסורים. די אראבישע שכנים, די זומפּן, די מאַלאַריע, די אייגענע שרעקלעכע אָרעמקייט. אַ סך האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זיינען אַנטלאָפן, צי דער רבי האָט געהייסן אָדער נישט. געלאָזן הכל באשר לכל און זיינען אַוועק, ווער אין די שטעט פון ארץ ישראל און ווער צוריק אין פּוילן. די, וואָס זיינען געבליבן, האָבן מוטיק געקעמפּט. באַזיגט אין זיך די מורא פאַר די שכנים, פון די זומפּן געהאַט אַפילו פּרנסה, ווייל דער קרן קימת האָט באַצאָלט פאַר אויסטרוקענען זיי, און ביסלעכווייז אויסגעלערנט זיך צו ארבעטן אין פעלד און גאָרטן.

וואָס אמת איז אמת, די אפּיקורסים פון אַנטקעגן האָבן אונטערגעהאָלפן, גוט אונטערגעהאָלפן. מיט ראַט און טאַט. עצות געגעבן און טאַקע אונטערגעלייגט אַ האַנט אייך. ווען מען האָט זיי געדאַרפט, זיינען זיי געקומען. קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. זיי און זייער גאַנצע אָרגאַניזאַציע, די הסתדרות. לאַנג לעבן זאָל זי! זי האָט זיך אָנגענומען פאַר די חסידים, ווי זיי וואָלטן געווען פלייש פון איר פלייש. ווי זיי וואָלטן געהאַט צו איר עפּעס אַ שייכות. טייערע מענטשן דאָרטן! דערפאַר האָבן די חסידים באַשלאָסן אָנצושליסן זיך אָן דער הסתדרות. אריין אין איר און אָפּלערנען טאַקע אַביסל פון אירע וועגן. פאַרוואָס טאַקע נישט סאָציאַליסטיש אָדער קאָמוניסטיש? עס איז אַפילו אין דעם אַלטן גייסט פון חסידות...

נאָר איין זאַך איז שלעכט, די יונגוואַרג נעמט שוין איבער צופיל פון די דרכים פון יענע דאָרטן. זיי ווילן לייענען די יעניקע ביכער, פאַלשעווען אונטער אַביסל אין דאַווענען און שבת־האַלטן, טוען זיך אוים צו ביסלעך פון דעם יאָך פון די מצוות... בחורים, מיידלעך... נישט גוט, זייער נישט גוט....

טיריבימבימבאַם! טיריבימבימבאַם!

## .10

# אויפן וועג צום „עמק"

יאָג זיך נישט, שאָפער! לאָז אָנקוקן די טאָליקע ווייטקייט אין אַנטאַרקטיקער רו. לאָז זאַט אָנקוקן זיך מיט דער גרעסטער דערוואַרבונג פון דעם נייעם ישוב, אויפנעמען אין שטילער באַוואונדערונג די הערלעכע דערגרייכונג פון דער אָרגאַניזיר־טער יידישער אַרבעטערשאַפט...

ד אָ ס איז דער עמק! דער יזרעאל־טאָל!... אַ דרייעק, אָדער כמעט אַ דרייעק, צווישן די בערג כרמל, שומרון, גלבוע און תבור. פערצן מייל די לענג, ניין מייל די ברייט.

די געשיכטע דערציילט, אַז גאָר אַמאָל איז דער טאָל געווען געדיכט באַזעצט און שטאַרק באַוואַקסן. שפּעטער איז ער פאַרלאָזן געוואָרן, ווי דאָס גאַנצע לאַנד, געוואָרן זומפּיק און מאַלאַריש, הונגער־לאַנד און טויט־ערד. די מאַלאַריע־מאָס־קיטאָ און די וואַנדערנדיקע בעדואינער־שבטים האָבן פאַרטריבן דעם טאָל־באַוואוינער אויף די אַרומיקע בערג, און דער טאָל איז באַאַרבעט געוואָרן נאָר אין די געגנטן ביי די בערג.

זע, איצטער קומט ער ווידער צו זיין אַלטער שיינקייט. דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט אים דערוואָרבן, די מוטיקע יידישע אַרבעטער באַפּעלקערן אים, טריקענען אויס זיינע זומפּן, באַ־זייען, באַפּלאַנצן און באַוועלדערן אים, מאַכן אים פאַר דער היים פון דער קבוצה און דעם מושב...

קוואוצאַ און מאָשאַוו! צוויי פאָרמען פון אַרבעטער־צור־

זאמענלעבן און צוזאמענארבעטן — וויפל דרך ארץ זיי רופן ארויס, וויפל ווארעמקייט און וויפל באוואונדערונג!

ביידע — קינדער פון דער אָרגאניזירטער יידישער אַר־בעטערשאַפט אין ארץ ישראל, געבאָרן געוואָרן אין נויט, רערצויגן אין דחקות, און אויסגעוואַקסן, פונאנדערגעבליט זיך, געוואָרן א נחת און א כבוד פאַר דער, וואָס האָט זיי געבאָרן.

נישט נאָכגעמאַכט קיינעם, נישט איבערגענומען ביי אַנ־דערע, נישט ארויסגעלייענט פון ביכער. א פריערדיקער גע־דאַנק האָט דאָ נישט געבאָרן די טאַט, קיין טעאָריע האָט נישט אויסגעלייגט דעם וועג, נאָר מ׳האָט זיך דערלעבט צו די נייע פאָרמען, די נויט האָט צוגעטריבן צו זיי. זייער געשיכטע איז די געשיכטע פון אַן עקשנותדיקן ווילן צום לאַנד און צו ארבעט, פון אויפאָפּפערן זיך פאַר דעם אידעאַל פון א באַ־נייטן יידישן לעבן, פון אייזערנער אַנטשלאָסנקייט צו פאַלן אָדער זיגן. די קעמפער האָבן זיך נישט געקימערט וועגן א נאָ־מען פאַר זייער קאַמף און דערגרייכונג. די, וועלכע זוכן א נאָ־מען פאַר אַלץ, האָבן ארויפגעשטעלט א קעפּל: „קאָנסטרוקטי־ווער קאָמוניזם”.

אָנגעהויבן האָט זיך עס אַזוי:

חלוצים זיינען אָנגעקומען אין ארץ ישראל, צו לעבן דאָרטן א ניי פאָלקס־לעבן אויף יסודות פון אייגענער ארבעט. זיי האָבן דערוואַרט אָפענע אָרעמס. די יידישע פאַרמערס אין די יידישע קאָלאָניעס, וואָס האָבן אויפגערודערט די גאַנצע יידישע וועלט, וועלן זיך דערפרייען מיט זיי. זיי ברענגען דאָך מיט זיך דעם ווילן און די אַנטשלאָסנקייט צו יידישער ארבעט, זיי וועלן פאַרשטאַרקן דעם יידישן ישוב, זיכערער מאַכן אים...

דער ביטערסטער טעות פון זייער לעבן! דער יידישער פאַרמער, דער ארבעטגעבער, האָט זיך מיט זיי נישט דער־פרייט. ער האָט געהאַט פאַר זיי שפּאָט און פאַראַכטונג, פאַר־לאַכט זייער ווילן צו ארבעט, גערופן זיי „שמענדריקעס”. די דערהאָפטע ארבעט איז נישט געקומען.

**און האָבן זיי געקראָגן ארבעט, איז דאָס געוועזן א נדבת,**

א צוגעוואָרפענע נדבה. אויף א ווײַלע, אויף טעג, העכסטנס אויף וואָכן, אויף ארויסצוהעלפן די אראבישע שקלאפן, און זיינען אויך באצאָלט געוואָרן ווי ארויסהעלפער ביי שקלאפן. א הונגער־לוין, קוים אויף צו דערהאלטן די נשמה. די חלוצה האָט נאָך דעם הונגער־לוין אויך נישט געקראָגן. ווי אזוי זי האָט דערהאלטן די נשמה, איז מעשה ניסים.

אָבער די חלוצים האָבן נישט אָפּגעלאָזן. זיי זיינען זיך פון לאנד נישט צולאָפן און פון דער דעראָבערונג פון דער יידישער ארבעט נישט אָפּגעזאָגט זיך. זיי האָבן זיך נאָר אָר־גאניזירט, געמאכט איין האנט, פּאראייניקט זיך אין דער אר־בעט. איצטער וועלן זיי באוויזן, וואָס דער יידישער ארבעטער קאָן!

אין הערבסט 1908 איז געקומען אזא קאָלעקטיוו פון יידישע ארבעטער צום פארוואלטער פון דער פארם פון סע־זשערא מיט אזא מין פלאן: זאָל ער זיי איבערגעבן א שטיק ערד מיט בהמות, זאָמען און ארבעטסגעצייג, און זיי וועלן טאָן פאר אים די גאנצע ארבעט אויף זייער אייגענער אחריות, זאָל ער אויך איצטער באשטימען דעם פּרייז פאר אזא קאָ־לעקטיוון ארבעטס־טאָג, אָבער שפּעטער צוגעבן צוואנציק פּראָ־צענט פון דער ריינער פּרנסה. דעם פארוואלטער איז דאָס גע־פעלן געוואָרן, און ער איז איינגעגאנגען אויף די באדינגונגען. ער האָט קיין חרטה נישט געהאט: דער קאָלעקטיוו האָט די ארבעט זייער גוט געטאָן.

דאָס איז געווען איינער פון די גוטע אָנהייבן און האָט געבראכט נייע אויסזיכטן פאר די יידישע ארבעטער, שטענדיקע פּרנסה און באפרייאונג פון די אָפּטע דערנידערונגען און בא־ליידיקונגען. דער קאָלעקטיוו האָט אימפּאָנירט, מיט דעם קאָ־לעקטיוו האָט מען נאָר אנדערש גערעדט. און באלד איז מען צוגעקומען צו א ווייטערן שריט.

די שותפותדיקע ארבעט האָט געפירט צו א שותפותדיקן צוזאמענוואוינען, א שותפותדיקער קיך, א שותפותדיקן טיש, האָט געבראכט אויך צו דער גלייכשטעלונג פון דער פרוי, וועלכע האָט געארבעט און געליטן נישט ווייניקער ווי דער

מאנסביל. און ענדלעך צום געדאנק: פארוואס נישט אין גאנצן באפרייען זיך פון באלעבאטים און משגיחים? פארוואס נישט פירן אן אייגענעווירטשאפט, ווערן פארמער צוזאמען, בציבור, דער גאנצער קאלעקטיוו — איין פארמער? און עס וועט אוועק א לעבן פון עקאנאמישער גלייכהייט צווישן חברים און חברות, אן דיינס און מיינס...

און אזוי האט זיך אנגעהויבן די קבוצה. סאציאליסטיש צוזאמענלעבן איז געווארן דערגרייכונג, געווארן לעבן, געווארן א שיטה פאר אלץ מער און מער חלוצים.

אלע פאר אלעמען אין פולער גלייכהייט. דער איינצעלנער ארבעט פאר דעם כלל מיט דעם כלל, דער כלל באזארגט די נויטווענדיקע באדערפענישן פון דעם יחיד. אן אלגעמיינע קאסע, אין וועלכער עס ווערן אריינגעטראגן אלע הכנסות און פון איר נעמט מען אויף אלע הוצאות. דאס עסנווארג ווערט אויפגעקויפט אין גרויסער קוואנטיטעט און קאסט ביליקער, געקאכט ווערט אין דער אלגעמיינער קיך, געגעסן ווערט ארום די לאנגע טישן אין דעם אלגעמיינעם עסצימער. אן אלגעמיינער מאגאזין באזארגט וועש, קליידונג, שיך, די קראנקן־קאסע באַזארגט מיט דאקטוירים און רפואות. די קינדערהיים נעמט איבער די דערציאונג פון די קינדער, ברענגט זיי אויף פון דער וויג אן. קינדער־גארטן און שול זיינען שותפים מיט דער קינדערהיים. אבער דאס פאמיליענגעפיל ווערט נישט צושטערט, צושפרייט זיך אפילו אויף דעם גאנצן קאלעקטיוו, די קבוצה ווערט איין גרויסע פאמיליע.

ווען א חבר שטארבט און לאזט איבער יתומים, די קבוצה דערהאלט און דערציט זיי. קרובים, וואס זיינען געווען אפ־הענגיק פון דעם פארשטארבענעם, ווערן אויסגעהאלטן פון דער קבוצה.

ווען א חבר וויל אריינברענגען זיינע קרובים אין לאנד, טוט עס די קבוצה. פארגרעסערן די איינוואנדערונג איז די גרעסטע מצווה!

חברים, וואס זיינען געווארן קאליקעס, אדער שוואך און אלט, ווערן אויסגעהאלטן פון דער קבוצה.

קינדער, וואָס זיינען געוואָרן גרויס און פּאָליעריק, ווערן פולבארעכטיקטע מיטגלידער פון דער קבוצה. וואָס פאר א יום־טוב זייער נייע בר־מצווה איז! דער גרויסער יום־טוב פון דער גאנצער קבוצה, א יום־טוב, ווי קיין צווייטער!

די פארשיידענע קהלשע ארבעטן ווערן געטאָן דורך אויס־געקליבענע חברים. אן אויסגעווײלטער ארבעטס־קאָמיטעט קומט זיך צונויף איין מאָל א וואָך אָדער עפטערס און צוטיילט די ארבעטן פון דער קבוצה צווישן אַלע חברים און חברות. די העכ־סטע אינסטאַנץ איז די אַלגעמיינע פארזאמלונג. זי נעמט אָפּ דין וחשבון פון די פארשיידענע אויסגעווײלטע קאָמיטעטן און יחידים און גיט אָדער גיט נישט איר הסכמה צו די פאר־שיידענע פּלענער.

א מוסטער־אָרדנונג! אן ארבעטסגעזאנג פון א גוט איינגע־שטודירטן כאָר. יעדער ווייס זיין שטים און זיין פּלאַץ, און יע־דער ווייס די העסלעכקייט פון א פאלשן טאָן — היט מען זיך פאר פאלשע טענער...

די קבוצה־באוועגונג ציילט איצטער אן אכטאונצוואנציק קאָלעקטיוון, וועלכע זיצן אויף דער ערד פון דעם נאציאָנאַל־פאָנד און פירן אן אייגענע ווירטשאַפט; דרייסיק קאָלעקטיוון, וואָס ארבעטן אויף פרעמדע פעלדער אין די אַלטע קאָלאָניעס און וועלן מיט דער צייט אראָפּגיין אויף אייגענער ארבעט אויף נאציאָנאַל־פאָנד־ערד, און זעקס קאָלעקטיוון, סך הכל זעקס קאָלעקטיוון, אין די שטעט. אָ, די שטאָט! זי איז צו אינדי־ווידואַליסטיש, רייסט אָפּ מענטש פון מענטש, לאָזט זיי נישט צוזאמענקומען זיך.

אָבער אויך אין דאָרף זיינען נאָך נישט אַלע ארבעטער מסוגל צו א קאָמוניסטישן לעבן. נישט אַלע קאָנען זיך איינ־לעבן אזוי שותפותדיק, נישט אַלע קאָנען זיך איינזינגען אין כאָר. אָט די מער אינדיווידואַליסטישע יידישע ארבעטער אין ארץ ישראל האָבן געפונען פאר זיך די פאָרם פון א מושב.

אייגענע הויז און הויף און גאָרטן, אייגענע פעלדער און פּלאַנטאַציעס, אייגענע בהמות און הינער. אָבער די ערד איז דעם פאָלקס אייגנטום. יעדער חבר אין א מושב מוז ארבעטן

אליין, געדונגענע ארבעט איז פארבאָטן. ווען ער דאַרף הילף אין אַ ארבעט, וועלן אים די חברים ארויסהעלפן. ווען ער ווערט קראנק און מוז דינגען אַ ארבעטער, וועט עס דער מושב פאר אים טאָן. ווען אַ חבר שטאַרבט, ווערן זיינע יתו־מים דעם מושבס קינדער.

קויף און פארקויף איז קאָאָפּעראַטיוו. אַ שותפותדיקע מיל־כעריי נעמט אויף די גאנצע מילך פון דעם מושב. די ארבעטס־מאַשינען זיינען שותפותדיקע. די שמירה אין מושב ווערט גע־טאָן נאָך דער ריי נאָך פון אלע חברים. די קינדער־דערציאונג ליגט אויפן כלל.

אויך די געשעפטן פון דעם מושב ווערן געפירט פון אויס־געוויילטע קאָמיטעטן, און די העכסטע אינסטאַנץ איז די אַל־געמיינע פארזאַמלונג.

דאָך איז די צאָל פון די מושבים פיל קלענער פאר דער צאָל פון די קבוצות. אין גאַנצן ארום פופצן. דאָס קבוצה־לעבן ציט מער אָן. עס האָט נייע געזעלשאַפטס־אָרדנונג אין זיך, נייע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, געגאַרטע צו־קונפט, די קבוצה איז די אינטערעסאַנטסטע דערשיינונג, די דיקסטע, די דערשטוינלעכסטע...

ווי גוט און ווי זיס דאָס ברידערלעכע צוזאַמענלעבן!... ווי דער טוי פון חרמון אויף די בערג פון ציון... דאָס איז ברכה, דאָס איז לעבן!

אַ חלום געזען פון אַ דיכטער אין די אַלטע צייטן פון דעם אַלטן לאַנד. איצטער ווערט ער דאָ ווירקלעכקייט...

פיר מיך, שאַפער דו מיינער, אין דעם עמק אריין, אין לאַנד פון פארווירקלעכטן חלום!

.11

## חלוצים - מוט

ווייט הינטן, אין מערב־זייט, די בלויקייט פון דעם ים, רעכטס אין דרום די פילפארביקייט פון דעם כרמל, גאנץ נאָנט לינקס אין צפון דער ברוינער משופע פון די נצרת־בערג, ווייט אין מזרח, ווי אונטער א בלויען שלייער, די שימערירנדיקע גרויקייט פון די בערג תבור, מורה און גלבוע, וועלכע שטייען ווי א שורוק פון צפון נאָך דרום. א פרעכטיקער ראם פאר דער מאָליקער צושפרייטקייט פון דעם עמק יזרעאל, וואָס איז באדעקט מיט דעם גרין פון גראָז און דעם גאָלד פון זאנגען, באשפרענקלט מיט דעם ווייס און געל פון מיריאדן מארגא־ריטקעס, מיט דעם בלוי און פורפור פון קלאָווער און מיט דעם רויטלעכן ברוין פון דערנער. אין דער לענג, פון מזרח נאָך מערב, שלענגלט זיך א שווארצער פאס — דער אלט־צייטן־טייך, דער קישון־טייך, און איבער אלץ א הויכער, קלארער הימל און א וואונדערלעך שיינענדיקע זון...

וואו זיינען מיר דאָס שטיין געבליבן?

נעמט ארויס א תנ"ך, קוקט נאָך אין יהושע קאפיטל ניינצן. מיר זיינען אין לאנד פון שבט זבולון. דער אָרט, וואו מיר זיינען שטיין געבליבן, איז דידאָזיקע פון זיינע צוועלף שטעט, וואָס האָט געהייסן נהלל (נאהאלאל) און איז געוועזן א לויים־שטאָט. איצטער איז דאָס אמאָליקע זבולון־לאנד כמעט אין גאנצן דאָס אייגנטום פון דעם נאציאָנאל־פאָנד, און נהלל—

ווי דער נאָמען וואָלט נביאות געזאָגט! — איז אַ באַרימטער ארבעטער־מושב.

און ווייטער דיזעלביקע געשיכטע, ווי אומעטום אין גאַנצן לאַנד. די געשיכטע פון אונטערגאַנג און אויפשטייג, פון טויט־לעכער קראַנקהייט און בליענדיקער געזונט, פון אָפּשטאַרבונג און אויפלעבונג, פון מידער גלייכגילטיקייט און ענערגישן ווילן.

משה האָט געבענטשט דעם שבט זבולון, ער זאָל זיך פרייען אין זיין וועלטלעכקייט מיט אוצרות פאַרבאָרגענע אין זאמד. זאמד איז געווים געווען די ערד, וואָס זבולון האָט גע־קראָגן אין זיין גורל, אָבער ער האָט זי פלייסיק באַארבעט און פאַרוואַנדלט אין ערד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אוצרות. דער־נאָך — דערנאָך איז דאָס פאָלק פאַרטריבן געוואָרן און די ערד איז קראַנק געוואָרן, איז געוואָרן טויט פאַר אירע שפּעטערדיקע באַוואוינער.

ווען די מוטיקע חלוצים, די יידישע ארבעטער, זיינען פאַר צען יאָרן אָנגעקומען אין נהלל, צו באַזעצן זיך אין איר און צו באַארבעטן איר ערד, האָבן זיי געפונען פאַרלאָזענע ערד, טויט־לעכע זומפּן און קברים.

מיט אַ יאָר זעכציק־זיבעציק צוריק האָבן זיך דאָ דייטשן געהאַט באַזעצט. מסתמא פרומע קריסטן, וואָס האָבן געוואָלט וואוינען ביים פוס פון די נצרת־בערג, אויף וועלכע יעזוס איז אַרומגעלאָפן, ווען ער איז געווען אַ קליינער יינגל. אָבער זיי זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן אין זייער פרומקייט פון דעם זומפּן־פיבער, און זייער ישוב איז חרוב געוואָרן.

שפּעטער האָבן זיך דאָ אַראַבער באַזעצט. זיי האָבן געווים געדענקט, אַז דער טויט איז שוין געזעטיקט און וועט מער קיין קרבנות נישט וועלן. אָבער זיי זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן, אַלע ביז איינעם.

די לופט דאָ איז געווען טויטלעך, דאָס וואַסער נאָך טויט־לעכער, ווער עס האָט עס געטרונקען, איז געשטאָרבן אין דריי טעג.

פאַרלאָרן זיינען געשטאַנען די מוטיקע חלוצים. זיידע זבולון, זע, וואָס פון דיין נחלה איז געוואָרן! אַ בית עולם, אויף

וועלכן דער טויט גייט ארום, פארסמענדיק זיינע קרבנות מיט לופט און וואסער. וואס זאלן מיר דא טאן? זאלן מיר נישט אנטלויפן?

זיי האבן זיך איבערגעקוקט. איין געדאנק האט זיי אויסגעפילט, איין אנטשלאסנקייט איז געלעגן אויף אלע געזיכטער. דאס איז אונזער לאנד, און אונזערע זיינען אויך אירע זומפן. נישט מיט געלט אליין וויל דאס לאנד געקויפט ווערן, נאר מיט מסירת נפש, מיט דער ליבע, וואס ליגט אין מסירת נפש, און מיט דער פלייסיקער ארבעט, צו וועלכער די ליבע פארפליכט.

זיי זיינען נישט אנטלאפן. זיי זיינען געבליבן און מיט מסירת נפש גענומען זיך אויסצוטריקענען די טויטלעכע זומפן. זיי האבן אלע איבערגעפיבערט. ווען זיי האבן אויפגעעפנט די פארשטאפטע קוואלן, האט אזא שרעקלעכער ריח אנגעפילט די גאנצע לופט, אז זיי האבן געמוזט טעג נאכאנאנד ברעכן פאר איבלקייט, אבער זיי האבן נישט אוועקגעלייגט די ארבעט.

די זומפן זיינען אויסגעטריקנט געווארן, די ערד איז געזונט געווארן. דארטן, וואו מען האט נישט געקאנט אוועקשטעלן א פוס, שטייט איצטער א מושב, פון איבער הונדערט משפחות, וואקסן און בליען איבער צוויייהונדערט און פופציק קינדער, פירט זיך א ווירטשאפט אויף איבער צען טויזנט דונאם, פארבויטע, באזייטע, באפלאנצטע...

צוערשט האבן זיי אלע ארבעטן געטאן צוזאמען, אויך די פעלדער האבן זיי באארבעט צוזאמען, איידער זיי האבן זיי פונאנדערגעטיילט צווישן זיך, און ווען אין אנהויב איז נישט געווען גענוג וואסער אויף צו באוואסערן די גארטנס, האבן זיי דאס ביסל פראדוקטן, וואס די קוים גענעזענע ערד האט ארויסגעבראכט, אויסגעטיילט צווישן די הויזגעזינטן נאך דער צאל פון די נפשות.

צוערשט אויך האבן זיי געטאפט אין דער פינסטער. זיי האבן נישט געוואוסט, צו וואס זייער ערד איז מסוגל, וואס זיי קאנען דערוואַרטן פון איר. קיין וויסנשאפטלעכע עקספערימענטיר־סטאנציע האבן זיי נישט געהאט, א רעגירונג האט זיי נישט

ארויסגעהאָלפן מיט עצות. אויף די ארומיקע אראבישע פעלדער האָבן זיי געזען בלויז תבואה. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז זייערע אראבישע שכנים וועלן זיי נישט נאָכמאַכן. אויף בלויז תבואה האָבן זיי נישט גענוג ערד. בלויז תבואה איז אָרעמקייט. בלויז תבואה איז אויך אָפּגעשטאַנענקייט. זיי מוזן אויפטאָן מער. זיי וועלן עקספּערימענטירן, צאָלן רבי־געלט, און דערגרייכן. ווי דער זיידע זבולון, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זוכן באַהאַלטענע אוצרות אין דער זאַמדיקער ערד.

קוקט איצטער אָן נהלל! תבואה־פעלדער, גרינגאָרטנס, אויבסטגאָרטנס, ווייַנגאָרטנס, אָראַנזש־פּלאַנטאַציעס, וואַלד־אַלעען, הונדערטער בהמות, טויזנטער הינער...

צוויי יאָר האָבן זיי געליטן פון דער מכה מויז. איין יאָר האָבן די מייז אויפגעגעסן די העלפט פון דער ווינטער־תבואה, דאָס צווייטע יאָר האָבן זיי אויפגעגעסן כמעט אַלץ, אפילו קיין שטרוי נישט איבערגעלאָזן. אָבער היי־יאָר, ווען די מויז־פּלאָג האָט זיך באַוויזן, האָבן שוין די נהלל־לייט געוואוסט, ווי צו קעמפן קעגן איר און צו זיגן.

פון קדחת איז שוין לאַנג קיין שפור נישטאָ, סיידן אין דעם בלוט און די ביינער פון די איבערגעפּיבערטע. די לופט איז חיותדיק, דאָס וואַסער אַ דערקוויקונג. ווען די ציוניסטישע פרויען־וועלט־אָרגאַניזאַציע, די וויצ"אָ, האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע שולע פאַר מיידלעך, האָט זי קיין בעסערן אָרט ווי נהלל נישט געקאָנט געפינען. ביי אַ הונדערט מיידלעך לערנען זיך אין דער שולע אונטער דער פירונג פון חנה מייזלס — צוקונפטיקע פאַרמערינס, געלערנטע פירערינס פון נייע יידישע באַזעצונגען, וועלכע לערנען אָפּ פון די נהללער, ווי נישט צו אַנטלויפן.

אָבער דער שטאָלץ פון נהלל זיינען די שולע, וואו איבער צוויי־הונדערט קינדער ווערן דערצויגן צו אַ נייעם לעבן, און דאָס גרויסע פאַרזאַמלונגס־הויז מיט זיין בינע, וואו עס ווערן פאַרזאַמלונגען אָפּגעהאַלטן, קאָנצערטן געגעבן, דראַמען אויפגעפירט, אָפּערעס געזונגען. אַ גייסטיקער זאַמל־פּלאַץ פאַר די שטענדיק

הונגעריקע נאָך וואָרט און ווערק פון גייסט אין נהלל און אין איר אַרום.

אָ, נהלל האָט שוין אַ גרויסע שבנהשאפט. אַרום און אַרום זיינען זומפּן געוואָרן באַזייטע פעלדער און באַפלאַנצטע גאָרטנס, איינזאַמקייטן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט דעם געזאַנג פון יידישער אַרבעט.

אין צפון די קאָלאָניע זשידא, וואו אַ וועבעריי־פאַבריק לאָזט הערן איר פרייליכן זשומען ווייט און ברייט. אין דרום דער מושב כפר יהושע — אַ נאָמען לכבוד יהושע כאַנקין, דעם אומדערמידלעכן אויסלייזער פון יידישער ערד. אָבער צו מזרח צו ציט זיך אַ גאַנצע קייט פון קבוצות, איין קבוצה נאָך דער אַנדערער.

רמת דוד, אין וועלכער עס זיצן פאַראייניקט די קבוצות השרון און שרונה; גבת (גוואַט), וועלכע הייסט אויך קבוצת פינסק אין אָנדענק פון די פינסקער מאַרטירער, אָבער דער נאָמען גבת שטאַמט נאָך פון דער צייט, ווען די רוימער האָבן געהערשט אין לאַנד: דאָ איז געשטאַנען זייער פעסטונג גאַבאַטעאַ. דערנאָך קומט די יינגסטע קבוצה, וועלכע שטייט אויף דעם פּלאַץ פון דער אַלטער גרענעץ־שטאָט צווישן זבולון און יששכר שריד (סאַריד). און ענדלעך די עלטערע פון דידאָזיקע קבוצות גניגר (גאַניגאַר), וואָס טראָגט דעם אַלטן תלמודישן נאָמען פון דעם דאָרף, אין וועלכן זי געפינט זיך.

דער קרן הקיימת האָט געגעבן די ערד, דער קרן היסוד האָט געגעבן די מיטלען, אָבער די אַרבעטער האָבן געבראַכט זייער געטריישאַפט צו דער אַרבעטס־אידעע, דעם פעסטן ווילן צו אַ נייעם לעבן און אַ נייער אָרדנונג, דעם מוט און אַנטשלאָסנקייט נישט צו אַנטלויפן, ווי עס זאָל נישט זיין שווער.

ליידן פינף און צוואַנציק אַרבעטער־פאַמיליעס אין גניגר שוין גאַנצע ניין יאָר פון וואַסער־נויט. זייער ברונעם גיט נישט גענוג אויף צו באַוואַסערן און צו טרינקען, און סוף זומער טריקנט ער אויס אינגאַנצן. צוערשט פלעגן זיי מוזן פאָרן נאָך וואַסער אין גבת, איצטער פאָרן זיי פינף מאָל אַ טאָג אין דעם נעענטערן שריד, וואו ביי דרייסיק אַרבעטער־פאַמיליעס האָבן

אויך איבערגעלעבט די וואסערנויט, ווייסן גוט איר טעם און העלפן איצטער ארויס זייערע גניגרער חברים מיט דער פאר־לער מאס. און האט מען געמוזט, האבן די גניגרער נאך פאר־גרעסערט זייער אייגענעם דורשט און אריינגענומען צו זיך אין שכנות עטלעכע און צוואנציק חברים און חברות פון קבוצת הצפון, וועלכע זיינען געקומען אהער צו פארפלאנצן דעם באל־פור־וואלד...

א, איך האב שיר נישט אויסגעלאזן! אין דרום־מערב פון נהלל געפינט זיך א פלאץ וואס הייסט שייך אבריק — דער נאמען, זאגט מען, קומט פון דעם נאמען פון ברק דעם זון פון אבינועם, דבורה הנביאהס מיטקעמפער. דארטן האבן יידן דערוואָרבן פינף טויזנט דונאם ערד, אויף וועלכע עס האט זיך געזאלט באזעצן אן ארבעטער־מושב. אבער דער פלאן איז נישט דורכגעפירט געווארן, און עס וואוינט דארטן בלויז אן איינציקע יידישע פאמיליע — דער בארימטער אמאליקער שומר אלעקסאנדער זייד און זיין פרוי צפורה מיט זייערע קינדער. די געגנט איז איינזאם און ווילד און געפערלעך, ווי האט זי גאר קיין מורא נישט, די איינזאמע יידישע פא־מיליע? איז זיי זייער לעבן נישט ליב?

א, זיי האבן שוין א סך געפארן דורכגעמאכט. נישט איינמאל איז זייער לעבן געשטאנען אין סכנה. יעדער נייער שריט, וועלכן מ׳האט געמאכט אין לאנד, איז געווען פארבונדן מיט מסירת נפש. אבער ווייל דער שריט האט געמוזט געמאכט ווערן, איז ער געמאכט געווארן. מוטיק, אן מורא.

שייך אבריק מוז ווערן יידיש נישט בלויז אויפן פאפיר. און אן איינציקע יידישע פאמיליע מאכט דעם וועג... מוטיק, אן מורא!

.12

## שאָטן און ליכט

דאָרטן אויבן צווישן די בערג פון נצרת איז די קאָלאָניע מעסכא — מייד אוים איר וועג, שאָפער דו מיינער, ארום און ארום פאָר, אָבער צו איר קום נישט צו.

אך, דאָס מוז דערציילט ווערן. א שטיק פון דער געשיכטע פון העסלעכן פאררעט צום אויפבוי פון דער יידישער היים אויף דעם פרינציפ פון יידישער ארבעט, א ביישפיל פון שענד־לעכער אומדאנקבארקייט.

פון איר ערשטן טאָג אָן האָט מעסכא שטארק געליטן פון אירע ארומיקע שכנים, וועלכע האָבן געהאלטן, אז די יידישע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן, כדי זיי זאָלן האָבן וואו צו גנבענען. די ערשטע אראבישע שומרים, וואָס די קאָלאָ־ניע האָט אָנגעשטעלט, זיינען געווען שותפים אין די ביינאַכ־טיקע גנבות, פון די צווייטע איז מען נישט געווען זיכער אפילו בייטאָג. פאר די פרויען פון דער קאָלאָניע איז געווען א סכנה איבערצולויפן א גאַס. אָפט זיינען די שומרים ארומ־געגאנגען און האָבן געשריען, אז זיי וועלן אויסקוילענען די גאנצע קאָלאָניע. די אראבישע ארבעטער, וואָס האָבן געאַר־בעט אויף די פעלדער און געוואוינט אין די הייזער פון די קאָלאָניסטן, האָבן געהאלטן מיט די שומרים...

ענדלעך איז עס געקומען צו א קריג און א געשלעג צווישן די קאָלאָניסטן און זייערע שומרים. די ארומיקע אראבער זיי־

נען געקומען צו הילף די שומרים, און עס האט אויסגעזען, אז די קאָלאָניע וועט צוטראָגן ווערן אויף שטיקלעך. אין זייער פאַרצווייפלונג האָבן זיך די קאָלאָניסטן געווענדט נאָך הילף צו די יידישע שומרים פון דער קאָלאָניע סעזשערא, ווייל פון דער טערקישער רעגירונג האָבן זיי זיך נישט געקאָנט ריכטן אויף הילף. די יידישע שומרים זיינען גלייך געקומען, מיט זיי אויך, אפילו נישט גערופן, די יידישע ארבעטער פון סעזשערא. אלע מענטשן, וואס זיינען שטענדיק גרייט געווען אוועקצוגעבן זייער לעבן פאר דער דערהאלטונג פון יעדן דערוואָרבענעם פונקט אין דעם נייעם יידישן ישוב, און זיי האָבן מעסכא אָפּגעראַטעוועט.

איצטער האָט מעסכא באשלאָסן אָנצושטעלן נאָר יידישע שומרים. די שומרים האָבן געשטעלט א באדינגונג, אז מעסכא זאָל אויך נעמען כאָטש פופצן יידישע ארבעטער — פון גרע־סערער זיכערקייט וועגן. מעסכא האָט אונטערגעשריבן דעם קאָנ־טראַקט. דאָס איז געווען אין 1908. אין 1911 זיינען שוין אין מעסכא קיין יידישע ארבעטער נישט געווען. די קאָלאָניסטן האָבן געבראָכן דעם קאָנטראַקט, ווייל די אראבישע ארבעטער זיינען ביליקער. זיי האָבן טאַקע געגומען אויף זיך נייע צרות, אָבער ביליקער איז ביליקער. און אזוי זיינען זיי געבליבן עד היום פאַרביליקטע יידן.

מעסכא האָט אויך א העברעאישן נאָמען: כפר תבור. אָבער דער אראבישער נאָמען פאַסט איר בעסער. וואָס אראביש זאָל בלייבן אראביש.

אָ, דאָס איז גוט! דער וועג גייט אפילו נישט פאַרביי מעסכא... דער אויטאָמאָביל טראָגט זיך אין עמק איבער באַל־פוריא, עפולה, מרחביה און ווייטער, און ווייטער...

באלפוריא... אַן ארבעטער־מושב פון א הונדערט און פופציק נפשות, געגרינדעט געוואָרן אין 1922. דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט געגעבן די ערד, די ציוניסטישע עקזעקוטיווע האָט אויסגעבאָרגט יעדן חבר הונדערט פונט אויף דעם נויטיקסטן אינוועטאַר, און דאָס איז געווען זייער ווייניק. אָבער די אמעריקאנער געזעלשאַפט „זייאָן קאָמאָנוועלטה" האָט אויסגע־

לײנט אויף הײזער, שטאַלן, װאַסער־באַזאָרגונג און — אַרײַנ־געשיקט אַ פּאַרװאַלטער, און דאָס איז געװען זײער שלעכט. די חברים אין באַלפוריאַ האָבן אויסגעקרענקט די טובה, װאָס די אַמעריקאַנער האָבן זײ געטאָן.

דער פאַרװאַלטער, אַ ייד פון אַמעריקע און אויך פון ליטע אָדער גאַליציע, האָט פאַרשטאַנען, אַז פאַרװאַלטן הייסט קאָמאַנדעװען און דערגײן די יאָרן. ער האָט זיך געבעריעט צו באַװײזן אַמעריקאַנער בעריעשקייט, עפּישענסי, הייסט עס. װען די געבײדעס זײנען פאַרטיק געװאָרן, האָט ער אונטערגעטראָגן די חברים פון דעם מושב אַזאַ מין קאָנטראַקט, װאָס װאָלט זײ געמאַכט פאַר אָפּהענגיקע אונטערטאַנען, ביז װאַנען זײ װאָלטן אָפּגעצאָלט, װאָס די אַמעריקאַנער בעלי־טובות האָבן פאַר זײ אויסגעלײגט. די חברים האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונ־טערצושרײבן דאָס אוממענלעכע, און ער האָט זיך גענומען צו באַװײזן זײ זײן יד חזקה. ער האָט זײ נישט געלאָזן אַרײנציען אין די הײזער און פאַרנעמען די שטאַלן, אָפּגעזאָגט זיך צו פאַרהאַנדלען מיט דעם קאָמיטעט, װאָס האָט געפירט די גע־שעפטן פון דעם מושב, אויסגעטײלט באַצאָלטע אַרבעטן, װי ער אַליין האָט געװאָלט, גענוצן מיט אַלע מעגלעכקייטן צו פאַר־ניכטן דעם שלום בית, װאָס איז דער װיכטיקסטער יסוד אין דעם חברשן צוזאַמענלעבן, און געפאָדערט, אַז עטלעכע חברים זאָלן פאַרלאָזן דעם מושב.

די חברים האָבן די גאַנצע צײט געװאױנט אין אַלטע אַראַבישע געבײדעס אין גרױסער ענגשאַפט, די בהמות און די הינער זײנען געהאַלטן געװאָרן אין דרױסן אָן אַ דאַך איבער זײ, אָבער די באַלײדיקונגען פון דעם אַמעריקאַנער בעל טובה זײנען געװעזן ערגער פאַר אַלץ. עס זײנען אונטערגעקומען די רעגנטעג. די אָפּגעשניטענע תבואה האָט געמוזט אונטערגע־בראַכט װערן, אויף די בהמות און עופות איז געװעזן אַ צער בעלי חיים, אין די פאַר ענגע װאױנונגען איז נאָך ענגער גע־װאָרן, װײל מען האָט אין זײ אַרײנגעראַטעװעט פון רעגן װאָס און װיפל מען האָט נאָר געקאָנט. דער פאַרװאַלטער האָט שױן געגלױבט, אַז איצטער ענדלעך װעט ער ברעכן די אײנגעשפּאַרט־

קייט פון זיינע אונטערטאַנען. אָבער די אונטערטאַנען האָבן גע־מאַכט אַ בונט און געצוואונגען אים אויפצועפענען די געביידעס. ער איז געלאָפן אין געריכט, אָבער האָט גאָרנישט אויסגעריכט. דאָס איז געוועזן זיין סוף. אין גיכן איז ער אַוועק, און דער מושב האָט אויפגעאָטעמט.

אויך די דערבייאיקע עפולה וויס׳ דעם טעם פון אונזער יידיש־אַמעריקאַנער בעריעשקייט, עפּישענס׳, הייסט עס.

דער נאָמען קלינגט העברעאיש, אָבער ער איז דער נאָ־מען פון אַן אַלטן אַראַבישן דאָרף, וואָס איז דאָ געשטאַנען. דער פּלאַץ איז אַ מיטלפּונקט אין עמק און אויף אים באַגעגענען זיך די אייזנבאַנען פון תל אביב און חיפה און דעם עבר הירדן. דאָ טרעפן זיך אויך צוזאַמען די וועגן פון אַלע פיר זייטן פון לאַנד. די אַמעריקאַנער „זייאָן קאָמאָנוועלטה" האָט זיך אָנגעכאַפּט. אַ שטאָט אויף דעם אָרט דאָ קאָן ווערן די שיקאַגאָ פון ארץ ישראל! אַרום און אַרום געפינען זיך יידישע קאָלאָ־ניעס, מושבים און קבוצות, פּראָדוצירער פון תבואות און פרוכטן, פון מילך און הינער און אייער. די נייע שטאָט דאָ וועט זיין זייער צאַמלפּונקט, זיי וועלן נישט דאַרפן ווייט פירן זייערע פּראָדוקטן. די נייע שטאָט וועט אויך ווערן זייער קולטורעלער צענטער — אָ, אומצייליקע מעגלעכקייטן פאַר דער צוקונפטיקער שטאָט! זי מוז געשאַפן ווערן. זי וועט זיין — אַ גוט געשעפט!

אויפגעקויפט די גאַנצע ערד פון דער אַראַבישער עפולה, אויסגעלייגט אַ פּלאַן פון אַ נייער שטאָט, אָנגעמערקט די גאַסן, ברייטע, גרויסע גאַסן — בולוואַרן! — באַשטימט אַ פּלאַץ פאַר אַ שטאָט־פּאַרק, פאַר שולן, פאַר אַ גימנאַזיום, פאַר אַ מו־זעאום, פאַר אַ טעאַטער, פאַר האָטעלן, פאַר כל טוב און — געמאַכט אַ „בום", אַן אויסכאַפּעניש. כדרך אַמעריקע. אָט ווי אין לאָנג איילענד, אין בראָנקס, אין פלאָרידע, און מיט דעמ־זעלביקן רעזולטאַט. עס האָבן זיך געפונען אַ סך בעלנים אויף איינצוקויפן זיך אין אַ נייער שטאָט, וואָס וועט ווערן אַ צווייִ־טע שיקאַגאָ. אָבער גאָר באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז נאָך צו פרי פאַר אַזאַ צענטער, און אפשר וועט זיין צייט

גאָר קיינמאָל נישט קומען, ווייל חיפה איז נאָענט, חיפה, וואָס זיצט ביים ברעג ים און ווערט אַ וויכטיקער פּאָרט.

איז געבליבן שטיין אין מיטן עמק, נישט ווייט פון דעם בארג מורה, דער גבעת המורה פון תנ"ך, אַן אָנהייב פון אַ שטאָט, אַן איבערגעריסענע אַמביציע. אַ מאָנומענט פון נישט געלונגענער אַמעריקאַנער בעריעשקייט.

אויך דער העברעאישער נאָמען „עיר יזרעאל" איז געווען אַ טעות. די אַמעריקאַנער האָבן געוואָלט צונעמען אַ נאָמען, וואָס געהערט נישט זיי, און דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן. נישט ווייט פון עפולה געפינט זיך דאָס דאָרף זרעין, די היס־טאָרישע יזרעאל, הויפּט־שטאָט פון קעניג אחאָב און זיין פרוי איזבל, מיט וועלכע אליהו הנביא האָט געהאַט אַזויפיל צו טאָן. ווען זרעין וועט ווערן יידיש, וועט דער נאָמען פון דער שטאָט יזרעאל אויפשטיין תחית המתים.

אייזנבאַנען ציען זיך פון תל אביב און חיפה און דעם עבר הירדן, פאַרשיידענע שאָסעען צושטראַלן זיך אין די פאַר־שיידענע זייטן, אָמניבוסן גייען אַרויס און קומען אָן אין גע־וויסע שטונדן פון טאָג, אויטאָמאָבילן לויפן כסדר — אַ גאַנץ לעבעדיקער פאַרקער, פּרנסה פאַר אַ צאָל פאַמיליעס. אָבער די קראָמען אויף דער הויפּט־גאַס פאַרקויפן פאַראַלטעטע אומ־מעגלעבקייטן, וואָס גייען אַלס וועש, קליידער, היטלעך, קראַ־וואַטן, זאַפּאָנקעס, און די באַלעבאַטים האָבן אָנגעהויבן צו באַארבעטן די ליידיקע ערד אַרום זייערע הייזער, צו פאַר־זיכערן זיך מיט אַ שטיקל ברויט.

די הסתדרות, די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע אַרבעטער, האָט זיך גראָד באַנוצט מיט דער צענטער־אידעע און אויפגע־בויט אין עפולה איר צענטראַלן מוסטער־האָספּיטאַל, וועלכער נעמט אויף אַלע קראַנקע, וועלכע קאָנען נישט באַהאַנדלט ווערן פון די לאָקאַלע מעדיצינישע כוחות אין די קבוצות און מושבים. אָבער בכלל איז די הסתדרות געווען קעגן דעם אויפ־בוי פון אַ שטאָט אין מיטן עמק. צו גרויסע נאָענטקייט מיט דער שטאָט איז פאַרן דאָרף גאַנץ אָפּט גאָרנישט געזונט.

דערפאַר אפשר די שנאה פון די עפולהר באַלעבאַטים צו

דער אָרגאַניזירטער יידישער אַרבעטערשאַפט. זייער מעיאָר באַקעמפט די אַרבעטער אויף שריט און טריט, און אין זיין האָטעל באַשעפטיקט ער נאָר אַראַבער. אין די לעצטע מעיאָר־וואַלן האָט געזיגט דער אַרבעטער־קאַנדידאַט, אָבער דער מעיאָר וויל נישט אָפּטרעטן דעם פּלאַץ און לויפט אין גע־ריכט.

אויף יענער זייט פון דער גבעת המורה געפינט זיך דאָס דאָרף עין דור, וואו עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן די מכשפה, צו וועלכער עס האָט זיך געווענדט שאול המלך אין זיין לעצטער פאַרצווייפלונג. זי האָט אים אַרויפגעבישופט דעם גייסט פון שמואל הנביא, וועלכער האָט דערקלערט דעם שווערמוטיקן קעניג, אַז די מלוכה איז שוין מער נישט זיינע, אַז זי איז אַוועקגעגעבן געוואָרן דעם פּאַסטוך דוד...

ניין, מיר וועלן אין זיין האָטעל נישט פאַררוען זיך, מיט זיינע דערפרישונגען נישט דערפרישן זיך. פאָר אין מרחביה, שאָפער!

מ ר ח ב י ה, גאָטס ברייטקייט, די ברייטקייט פון דער אַרומיקער לאַנדשאַפט, אָבער נאָך מער די ברייטקייט פון דעם אויפבוי־גייסט פון די יידישע אַרבעטער.

ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1911, איז זי געווען די ערשטע יידישע באַזעצונג אין דעם עמק. די אַראַבישע באַפעלקערונג אַרום און אַרום איז געווען פיינטלעך, און צו רויבן יידיש גוטס און צו פאַרגיסן יידיש בלוט איז נישט געווען קיין זינד. די לאָקאַלע טערקישע רעגירונג האָט געזען אין די יידן בלויז אַ באַקשיש־קוואַל. ווען זי האָט זיך אַריינגעמישט, האָט זי די יידן קיין טובה נישט געטאָן. צו באַזעצן זיך אין עמק, איז געווען אַ דערוועגעניש, אַ מסירת נפש. דרייסיק יידישע אַרבעטער, געוועזענע שומרים, זעקס־אונצוואַנציק מענער און פיר פרויען, האָבן זיך מוסר נפש גע־ווען. זיי זיינען געוואָרן דער אַוואַנגאַרד אין דער דעראָבערונג פון דעם עמק פאַר יידישער אַרבעט. זיי האָבן אים דעראָבערט מיט זייער בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן, מיט פאַרשיי־דענע געפערלעכע קראַנקהייטן, וועלכע זיי האָבן איבערגע־

קרענקט, מיט די אומאננענעמסטע אויסשטייעניש פון דער פיינטלעכער טערקישער רעגירונג.

אויף דער ערד פון מרחביה געפינען זיך איצטער א מושב און א קבוצה, די אמאליקע יסורים זיינען געשיכטע. מיט שטאלץ קוקט מרחביה ווייט און ברייט ארום, וואו עס קאכט מיט פלייסיקער יידישער ארבעט און א גאנץ נייער חברותא־לעבן ווערט אויפגעבויט. דער שמאלער וועג, וואס זי האט באַטראָטן, איז געוואָרן א ברייטער וועג, א „מרחביה" פאר לע־גיאָנען יידישע ארבעטער.

שייגט דא נישט די זון אזוי וואונדערבאר?

## .13

# ביים קוואַל פון זיג

און ווייטער, און ווייטער...

טיפער אין עמק יזרעאל אריין, צו זיין מזרח־טייל, צום עמק חרוד (כאראַד), וואָס פאַרבינדט אים מיט דער ירדן־געגנט. לינקס דער מזרח־באַרג, די גבעת המורה, רעכטס די גלבוע־בערג — אויף זיי זיינען אומגעקומען שאול המלך און זיין זון יונתן אין אַ מלחמה מיט די פלישתים, און דוד האָט זיי דער־פאַר פאַרשאָלטן, אַז קיין טוי און קיין רעגן זאָלן אויף זיי ניט פאַלן. און עס איז, ווי די קללה וואָלט מקוים געוואָרן: אַזוי פאַרטריקנט זעען די בערג אויס, אַזוי ברוין און געל, זעלטן־וואו אַ געוויקס. פון אַ הייל אין גלבוע שלאָגט אַרויס מיט גרויסער קראַפט אַ קוואַל, אַרויסברענגענדיק יעדע סעקונדע הונ־דערט און אַכציק ליטער וואַסער. דאָס איז דער קוואַל חרוד, עין חרוד, ביי וועלכן גדעון, מיט דרייטויזנט יאָר צוריק, האָט באַזיגט די מדינים. דער קוואַל פאַרוואַנדלט זיך באַלד אין אַ שנעלן רייסנדיקן שטראָם, נחל חרוד, וואָס ציט זיך ביז צום ירדן, אויפנעמענדיק אויף זיין וועג דאָס וואַסער פון אַנ־דערע קלענערע קוואַלן. ביי זיין זייט ציט זיך די אייזנבאַן־ליניע, וועלכע גייט אין עבר הירדן און דמשק, לינקס פון דער ליניע און דעם טייכל, אויף דעם משופע פון אַן אָפּצווייג פון דעם מזרח־באַרג ליגן איינע ביי די אַנדערע, דער מושב כפר יחזקאל, און די קבוצות גבע, עין חרוד און תל יוסף.

די ערד איז דעם נאַציאָנאַל־פאָנדס, די מיטלען זיינען פון קרן היסוד, די ענערגיע, די אָפּפערוויליקייט, די פורכטלאָזי־קייט, די עקשנות זיינען פון די הונדערטער און הונדערטער חלוצים און חלוצות, טרייע מיטגלידער פון דער הסתדרות, אומדערמידלעכע קעמפער פאַר אַן ארבעטנדיקער ארץ ישראל.

דער מושב כפר יחזקאל איז געגרינדעט געוואָרן אין 1922, האָט דורכגעמאַכט גרויסע פינאַנציעלע שוועריקייטן, ווייל דער קרן היסוד איז קיינמאָל נישט געווען קיין צו רייכער פעטער, פינף־זעקס יאָר געוואַלגערט זיך אין געצעלטן פון ראָגזשעס און אין קליינע ציטוויייליקע שטיבלעך, און איז איצטער איי־נער פון די גרעסטע, שענסטע מושבים.

ביי די אראַבער האָט דער פּלאַץ געהייסן טבעון (טיוואָן), דער האָזיקער נאָמען ווערט אויך דערמאָנט אין דער גמרא, און דער קוואַל, וואָס פליסט דאָ נישט ווייט, הייסט עין טבעון. האָט דער מושב צוערשט געהייסן טבעון, און דער נאָמען האָט אויך געזאָלט בלייבן, כאָטש אַ סך חברים האָבן געוואָלט, אַז זייער מושב זאָל טראָגן דעם נאָמען פון דעם באַליבטן העב־רעאישן שריפטשטעלער י. ח. ברענער, וועלכער איז דערהרגעט געוואָרן פון אראַבער אין די פּאָגראָמען פון 1921.

אָבער דער קרן קיימת האָט געהאַט אויף זיך אַ ערן־חוב. אַן אַנאָנימער געבער האָט איר געשענקט די סומע פון הונדערט און פופציק טויזנט דאָלאַר מיט דער באַדינגונג, אַז איין גרינדונג אויף דער ערד, וואָס וועט געקויפט ווערן פאַר זיין געלט, זאָל טראָגן דעם נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער יחזקאל. דער קרן קיימת האָט באַשלאָסן, אַז דער מושב טבעון זאָל באַקומען דעם נאָמען כפר יחזקאל. די טבעונער האָבן פּראָטעסטירט. עס איז אַ באַליידיקונג אַרויפ־צוצווינגען אויף זיי אַ נאָמען פון אַן אבי־וועמען! וואָס דענקט זיך דער נאַציאָנאַל־פאָנד?! איז ער דער באַלעבאָס איבער זייערע נשמות?... זיי האָבן באַשלאָסן צו האַלטן זיך ביים נאָמען טבעון. ביז איינמאָל איז אַראָפּגעקומען אין מושב דער אַנאָנימער געבער אַליין. אַן עלטערער ספרדישער ייד, אַן איינ־פאַכער מענטש, מיט אַ סך ליבע, איבערגעגעבנקייט און צוגע־

לאַזנקייט אין זיך. מיט זיין ליבע און צוגעלאַזנקייט האָט ער געוואונען אַלע הערצער, און דער מושב האָט דעמאָלט איינגעזען, אַז דער קרן קיימת האָט אים נישט געוואָלט באַליידיקן. עס וועט נישט זיין קיין אומכבוד צו טראָגן אויף זיך דעם נאָמען פון דעם אומבאַקאַנטן יחזקאל, וועלכער האָט געקאָנט אַזוי געליבט זיין פון זיין איידעלן ברודער. פון דעמאָלט אָן איז געבליבן דער נאָמען כּפר יחזקאל.

אָבער ברענערס נאָמען לעבט דאָרטן אויף דער גרויסער שיינער בוימער־אַלעע ביים אַריינקום אין דעם מושב. די ברענער־אַלעע און דער גייסט פון דעם גרויסן שריפטשטעלער פירן אייך אַריין אין דעם מושב.

אין דעם ווינקלשטיין פון דער שולע אין כּפר יחזקאל ליגט איינגעמויערט אַ שריפט, און אין איר שטייט געשריבן:

„...דעם פופצענטן כסלו זיינען מיר אָנגעקומען אַהער אין כּפר יחזקאל (טבעון) צו דעראָבערן מיט אייגענער אַרבעט אונזער באַזיץ אויף דעם פּאַלקס ערד, וואָס איז אויסגעלייזט געוואָרן דורך דעם קרן קיימת. די ערד איז געווען וויסט, אָן אַ שאָטן פון אַ בוים, אָן אַ גרעזל, וואָס זאָל דערקוויקן דאָס האַרץ, באַוואַקסן נאָר מיט דערנער און שטעכלקעס. מיר האָבן אויפגעשטעלט געצעלטן פון ראָגזשעס און צייטווייליקע שטיבלעך צו וואוינען אין זיי, מיר און אונזערע קינדער. מיר האָבן אָפּגערייניקט די שטיינער פון אירע פעלדער און באַפּייכט זי מיט דעם שווייס פון אונזערע פּנימער. מיר האָבן די ערד אַקערגוט געמאַכט און געראַנגלט זיך מיט פּלאָגענישן פון דער נאַטור. מיר האָבן אַרויסגעצויגן ברויט פון דער ערד, דער גאָרטן האָט געבראַכט זיין פּרוכט, און די וויסטעניש האָט זיך אָנגעטאָן מיט סעדער־צירונג און אַ סך בוימער, און אונזערע הענט זיינען נאָך וויליק און קרעפטיק צו שאַפן און צו אַרבעטן.

אין דעם טאָג, ווען עס ווערט פינף יאָר, טרעטן מיר צו צו בויען פעסטע וואוינהייזער און צו לייגן אַ ווינקלשטיין פאַר אַ שולע פאַר אונזערע קינדער. מיר זאָלן זוכה זיין צו דערציען זיי צו בילדונג און צו אַרבעט, טריי דעם ליכט פון

מענטש־באַשטרעבונגען און די געבאָטן פון אונזער דור, צום אויפבוי פון אַן אַרבעטנדיקער געזעלשאַפט, אַ גערעכטיקער און אַ פרייער.

מיר לייגן דעם ווינקלשטיין מיט דעם געבעט, אַז אונזערע קינדער זאָלן באַפעסטיקן אונזער לעבנסהיים אין דעם פאַטערלאַנד אין מיטן פון אַן אויסגעלייזטן כלל ישראל.״

ווי נאַאיוו און ווי רירנדיק! ווערטער און סטיל פון מענטשן, פאַרהאַרטעוועטע אין דער שווערער ערד־אַרבעט, אין סכנותדיקן געראַנגל מיט די פאַרשיידענע פּלאָגעניש, שטענדיק און אייביק מיט דעם איינציקן ציל פאַר די אויגן, צו מאַכן פון ארץ ישראל די לעבנס־היים פון דעם יידישן פאָלק אויף יסודות פון אַרבעט און פרייהייט. האַרציקע ווערטער, אין וועלכע עס ליגט אַן אייזנשטאַרקע גאַראַנטיע, אַז די דאָזיקע מענטשן וועלן שוין זייערע הענט נישט אָפּלאָזן, ביז זיי וועלן זייער ציל דערגרייכן.

פאַרהאַרטעוועטע אין דער אַרבעט דאָ אין דאָרף און אויפן לאַנגן וועג ביז צום דאָרף... זיי האָבן אַלע דורכגעמאַכט שווערע, שווערע יאָרן פון ראַנגלעניש און פאַרשיידענע פּלאָגעניש, איידער זיי האָבן זיך דאָ באַזעצט. פונקט ווי זייערע שכנים אין דער דערבייאיקער קבוצה ג ב ע (געוואַ). אויך די האָבן הינטער זיך לאַנגע יאָרן פון שווערע דערפאַרונגען מיט דער ווירקלעכקייט פון דעם נייעם ישוב. פאַרזוכט דעם טעם פון הונגער און וואָגלעניש, פון זוכן אַרבעט ביי די פריצים אין די יידישע קאָלאָניעס, אויסגעריסן געוואָרן אין אומגעלונגענע פאַרזוכן צו באַזעצן זיך אויף ערד און אַרבעטן פאַר זיך. זיי זיינען געקומען מיט צוזאַמענגעבויסענע ציינער אויף זייער בערגעלע (גבע), וואָס דער קרן קיימת האָט זיי איבערגעגעבן. דאָ מוזן זיי בלייבן. דאָ וועלן זיי אויפבויען אַ פעסטן פונקט אין דער לעבנס־היים, אַ נייע סטאַנציע פאַר דעם צוזאַמענלעבן אין גלייכהייט און ברידערלעכקייט.

און זיי האָבן געזיגט.

די מיטלען, וועלכע זיי האָבן געקראָגן פון דעם קרן היסוד, זיינען געוועזן זייער קנאַפּ. דריי יאָר נאָך דער גרינדונג פון

דער קבוצה, מוזן זיי פארקויפן אלע זייערע בהמות, וואָס זיינען באפאלן געוואָרן פון אַ מפיל־עפּידעמיע, און איינוואַרפן די שטאל און אָנהייבן די מילכעריי פון אָנהייב. אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז אָנגעקומען אַ פאַרפלייצונג און חרוב געמאַכט דעם גרינס־גאָרטן, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צו געבן הכנסות. אַלץ, אַלץ אריבערגעקומען, און גבע איז איצטער אַ חיותדיקער ווינקל, וואו אַרום הונדערט נפשות לעבן די שיינע צוקונפט אין אונזער טרויעריקן איצט. זייט ביי זייט מיט אירע גרעסערע און באַרימטערע שכנות, די קבוצות עין חרוד און תל יוסף.

עין חרוד און תל יוסף — צוויי, וואָס זיינען איינס. אין איין יאָר אַרויף אויף דער ערד, געטאָן געמיינזאַמע אַרבעט. די איינע האָט אָנגענומען דעם נאָמען פון דעם זיג־קוואל, ביי וועלכן זי האָט זיך באַזעצט, די צווייטע דעם נאָמען פון יוסף טרומפּעלדאָר, וועלכער האָט מיט צוואַנציק יאָר צוריק געבראַכט צו דער יידישער יוגנט אין רוסלאַנד די אידעע פון אַרבעט און סאָציאַליסטישן צוזאַמענלעבן אויף דער ערד פון ארץ ישראל, און איז מיט אַכט יאָר שפּעטער געשטאָרבן אַ העלדישן טויט אין דער פאַרטיידיקונג פון די קבוצות תל חי און כפר גלעדי — זיין נאָמען האָט געמוזט פאַראייביקט ווערן אין וואָרט און בילד און טאַט.

ביידע קבוצות האָבן זיך צוערשט באַזעצט אונטן ביים פוס פון גלבוע, דאָרטן וואו גדעון האָט פאַרזאַמלט זיינע מחנות צו מלחמה קעגן די מידיינים, וואָס זיינען געשטאַנען אַנט־קעגן אין צפון ביי דער גבעת המורה. אין גדעונס צייט איז די ערד דאָ נישט זומפּיק געווען — ער האָט געהאַט אונטער זיך איבער דרייסיק טויזנט מענטשן, און אין אַ זומפּ שטעלט מען נישט אויס קיין אַרמייען. דאָס וואַסער פון די אַרומיקע קוואַלן איז געווען געזונט, אַז נישט וואָלט ער זיי נישט געלאָזן עס טרינקען, ווי אין תנ"ך ווערט דערציילט. די לופט דאָ האָט זיכער נישט קראַנק געמאַכט אירע איינוואוינער — צוויי פון דוד המלכס דרייסיק גבורים שטאַמען פון חרוד.

אָך, ווען די ביידע קבוצות זיינען אָנגעקומען אַהער אין 1921, איז די ערד דאָ געווען איין גרויסער זומפּ. וואו דאָס

אויג האָט געטראָפן, איז געוועזן שטייענדיק וואַסער. געמוי־זעכטס, מענטשנהויך, האָט אַרויסגעשטעקט פון איר, סטאַדעס ווילדע חזירים זיינען אין איר אַרומגעקראָכן, און די געפער־לעכע מאַלאַריע־מאָסקיטאָ האָט זיך דאָ געפרוכפּערט און גע־מערט, אָבער אויך דאָס לויפנדיקע וואַסער פון די קוואַלן איז געוועזן גיפט און טויט. אַן איינזאַמע פּאַלמע איז געשטאַנען אַלס איינציקע איבערבלייבעניש פון אַן אַמאָליקן בליענדיקן ישוב, און די אַראַבער האָבן געזאָגט, אַז „די קללה פון אַללאַה ליגט אויף דעם אָרט...״

דער קרן קיימת, וואָס האָט דאָ אויסגעקויפט די ערד, האָט איבערגעגעבן די קבוצות עין חרוד און תל יוסף אויסצו־טריקענען זי און געזונט צו מאַכן. די ביידע האָבן זיך אַריינ־געוואָרפן אין דער אַרבעט מיט באַגייסטערונג. באַלד זיינען זייערע געצעלטן פול געוואָרן מיט מאַלאַריע־קראַנקע, אָבער — ברען, אַרבעט, ברען! די אייניקלעך פון די מדינים פלעגן פאַרשיטן די אויסגעגראָבענע קאַנאַלן, צוברעכן די רערן, און גנבענען און גזלענען בייטאָג און ביינאַכט. געדולד, געדולד, חלוצים!

דריי יאָר האָט געדויערט די אַרבעט. אַכטטויזנט פוס קאַ־נאַל זיינען אויסגעגראָבן און באַגאָסן געוואָרן מיט בעטאָן, פינף און דרייסיק טויזנט הויפּטרערן זיינען אויסגעלייגט גע־וואָרן, און נאָך אַמאָל אַזויפיל קלענערע ליימענע רערן, אויף פיר און אַ האַלב קילאָמעטער זיינען אויסגערייניקט און פאַר־דיכט געוואָרן די בעטן פון די קוואַלן, ביי ניינציק טויזנט דאָלאַר האָט דער קרן קיימת אויסגעגעבן אויף מאַטעריאַל און שכירות — אָבער זעכצן טויזנט דונאַם ערד — פיר טויזנט אַקער — זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן, געוואָרן געזונט, גע־וואָרן צוריק אַ וואוינאָרט. די איינזאַמע פּאַלמע איז אַרומגע־רינגלט מיט וואַלד און וואוקס, די קללה פון אַללאַה איז אָפּ־געטאָן געוואָרן.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מען ביידע קבוצות אַרויפגערוקט אַרויף באַרג אַנטקעגן, דאָרטן וואו די מדינים זיינען געשטאַנען קעגן גדעונען מיט זיין חייל. אונטן ביים

גילבוע איז געוואָרן צו ענג, דאָ אויבן האָבן זיי געקראָגן די מעגלעכקייט פונאַנדערצוּוואַקסן זיך.

וואָס פאַר אַן אויפשטייג דאָס איז געוואָרן! ביידע זיינען זיי איצטער די גרעסטע אין דער צאָל פון די נפשות: תל יוסף ציילט אַרום דרייהונדערט נפשות, עין חרוד אַרום פינף הונ־דערט — און מיט אירע ניין טויזנט דונאַם איז עין חרוד אויך די גרעסטע קבוצה. און ביידע זיינען זיי אַ הערלעך בייַ־שפּיל, ווי אויך גרעסערע צאָלן קאָנען זיך איינלעבן ווי איין פאַמיליע אין אַ סאָציאַליסטישן לעבן פון אַרבעט און גלייכ־הייט.

אויבן אויפן באַרג, איבער די ביידע קבוצות איז אַ גרויס אַראַביש דאָרף, וואו מענטשן וואוינען נאָך דאָס אַלטע לעבן פון די אַמאָליקע מידיינים, וועלכע פלעגן אַרויסטרייבן זייערע סטאַדעס אויף די פאַרזייטע יידישע פעלדער. אָבער וואָס פאַר אַ דרך ארץ זיי האָבן פאַר די מערקווירדיקע מענטשן דאָרט אונטן! זיי זיינען פאַר זיי גבורים, וועלכע האָבן געקעמפט מיט בייזע גייסטער און באַזיגט זיי.

און דאָס איז דאָך אמת.

## .14

# ווילן און אַנטשלאָסנקייט

וואוהין איצטער, שאָפער דו מיינער? נאָך די קבוצות עין דוד און תל יוסף — וואוהין? זיינען זיי נישט די גרעסטע דערגרייכונגען?

ווער מעסט דעם אויפטו און די דערגרייכונגען פון די פאַרשיידענע קבוצות און מושבים מיט גרעסער און קלענער? זיי זיינען אַלע טיילן פון איין גרויסן באַשאַף, און ווער עס וויל קענען דאָס גאַנצע, מוז קענען אַלע טיילן. אין דעם שטערנהימל זיינען פאַר דעם אַסטראָנאָם אַלע שטערן גלייך. גרויס־קליין, גרעסער־קלענער, גרעסטע־קלענסטע. אַלע זיינען זיי גלייכע וואונדער פון דער באַשאַפונג.

טראָגט זיך דער אויטאָמאָביל ווייטער אין טאָל צווישן די גלבוע־בערג און דער גבעת המורה און אַראָפּ צום ירדן־טאָל. אַנטקעגן זעען זיך ווי אונטער אַ שלייער די בערג פון יענער זייט ירדן. ביי זייער פוס אַ לאַנגע שמאָלע פאַרטיפונג— דאָס איז דער ירדן, דער קליין־גרויסער טייך — דער טייך, וואָס איז זייער קליין אין זיין לענג און זייער קליין אין זיין ברייט, אָבער איז גרויס און ברייט אויף די בלעטער פון דער מענטשלעכער געשיכטע. טיף ליגט ער דאָ, הונדערטער פוס אונטער דער ים־פלאַך, און וואָס נענטער צו אים, ווערט אַלץ הייסער און הייסער. דער אויטאָמאָביל טראָגט זיך ווי אין אַ ברענענדיקן אויוון אריין.

בית אלפא־חפציבה, נשר, נהרים, דגניה...

אנטקעגן עין חרוד און תל יוסף, אויף א משופע פון די גלבוע־בערג ליגן הארט איינע ביי דער אנדערער די קבוצות בית אלפא און חפצי־בה (כעפציבא). ב י ת א ל פ א ? אָ, יאָ: דאָ איז אויסגעגראָבן געוואָרן מיט א פּאָר יאָר צוריק די דיל פון א שול פון אָנהויב זעקסטן יאָרהינדערט. אויסגעלייגט אין מאָזאַאיק פון קליינע פאַרשיידנפאַרביקע שטיינדלעך, מיט צייכ־נונגען, פאַרצירונגען, בילדער און אויפשריפטן — א גרויסע זעענסווירדיקייט. די רעגירונג האָט זי ארומגעבויט מיט ווענט און דאך און לאָזט זיך באַצאָלן פאר א קוק.

א גרוס פון אן אַלטער יידישער ווירקלעכקייט, פרומע שאָטנס פון אַמאָל, ארום וועלכע הונדערט און דרייסיק חברים און חברות פון דעם „השומר הצעיר" שטעלן אויף ווענט און דאך פון א נייעם לעבן אין שווערער ארבעט מיט דעם געזאַנג פון ארבעט, א נייע כאָר־שול פון דער רעליגיע פון ארבעט.

און ביי זייער זייט אין חפצי־בה בויט א כאָר־שול פון ארבעט א גרופּע יחידים, וואָס האָבן נישט באַלאַנגט צו קיין אָרגאַניזאַציע, נאָר האָבן אַלע גלייך געטראָגן אין הארצן א בענקעניש נאָך א נייעם לעבן פון ארבעט, פרייהייט און גלייכהייט. זיי האָבן זיך צופעליק צונויפגעטראָפן, פונאַנדער־גערעדט זיך און אויסגעפונען, אז איין בענקעניש פאַרבינדט זיי. א ליכט איז אויפגעגאַנגען אין זיי! זיי האָבן זיך פאַר־אייניקט און צוזאַמען אוועקגעפאָרן אין ארץ ישראל צו לעבן בשותפות דאָס לעבן, נאָך וועלכן זיי האָבן געבענקט, און חפצי־בה — „איך וויל זי" — איז די פאַרווירקלעכונג פון זייער ווילן און אנטשלאָסנקייט.

ווילן און אנטשלאָסנקייט! ווי אנדערש וואָלטן געקאָנט אויסהאַלטן די חלוצים און חלוצות אין דער טראָפּישער היץ פון ג ש ר (געשער), דער קבוצה ביים בריק איבערן ירדן? ווי אנדערש וואָלטן זיי דאָרטן געקאָנט שטיינער קלאַפּן און שאָ־סעען בויען — טאַטע־מאַמעס קינדער, ביכער־מענטשן, קינדער פון חדר און שולע? וועלכער אנדער כוח וואָלט זיי געקאָנט

איינהאַלטן און מאַכן פאַר אַזעלכע טרייע, פלייסיקע אַרבעטער פון דער ערד?

ווי אַנדערש וואָלטן זיי געקאָנט איבערטראָגן שטערונגען, וועלכע זיינען אפשר שווערער און האַרטער ווי די שווערסטע באַדינגונגען פון דעם קלימאַט? קליינקייטן, קליינלעכקייטן, באַליידיקונגען, געפענטעטקייט, אַריינמישעניש פון אַ פרעמדן ווילן. זייער ערד געהערט צו דער פיק"אַ, מיטלען אויף צו באַזעצן זיך האָט געגעבן די פיק"אַ, און די גאַנצע דעה האָט זיך גענומען די פיק"אַ. ווייל דאָס אייגנטום־רעכט אויף דער ערד איז נאָך געהאַנגען אין געריכט, האָט די פיק"אַ נישט דערלויבט די חלוצים און חלוצות פון גשר צו האַלטן אַ בהמה. פשוט, נישט געגעבן דאָס געלט אויף צו קויפן אַ בהמה. ווען זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייער עסן און געקויפט עטלעכע בהמות, איז די פיק"אַ־אַדמיניסטראַציע שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן. ווען זיי האָבן פאַרפלאַנצט אַ זומפּ מיט אייקאַליפּטוס־בוימער, אום צו פאַרהיטן זיך פון מאַלאַריע, איז די אַדמיניסטראַציע נאָך מער אין כעס געוואָרן, און אין איר מאַכטהאָבעריי האָט זי זיי נישט דערלויבט צו פאַרפלאַנצן דעם קלענסטן גרינסגאָרטן פאַר זייער אייגענעם געברויך. דריי יאָר האָט זיך געצויגן אַזאַ צושטאַנד. אַ סך האָבן טאַקע נישט אויסגעהאַלטן און זיינען אַוועק. זיי האָבן געקאָנט איבערטראָגן אַלע שוועריקייטן פון אַרבעט, היץ און זון, אָבער נישט די באַליידיקנדיקע אַרומרייסענישן מיט די, וועלכע האָבן געבאַלעבאַטעוועט איבער זיי. אָבער דער ווילן און אַנטשלאָסנקייט פון די איבערגעבליבענע און נייצוגעקומענע האָט געזיגט. גשר איז איצטער אַ בליענדיקע קבוצה. אין צאָל פון אירע נפשות איז זי די דריטע נאָך עין חרוד און תל יוסף.

ווילן און אַנטשלאָסנקייט! וואָס האָט אויפגעבויט רוטנבערגס עלעקטרישע סטאַנציע, די ליכט־פאַרשפּרייטערין איבערן גאַנצן לאַנד, וועלכע געפינט זיך אין נהרים (נאַהאַראַים), נישט ווייט פון גשר, אויף יענער זייט ירדן, ביים אַריינפאַל פון דעם טייך ירמוק? עס איז געווען צוערשט דער ווילן און אַנטשלאָסנקייט פון דעם גרויסן עקשן פנחס רוטנבערג, ער האָט

נעקעמפט מיט דעם באַליידיקנדיקן אומגלויבן אין זיין פּראָ־יעקט און מיט דער פאַרעכטלעכער גלייכגילטיקייט צו אים און האָט זיי באַזיגט. ער האָט זיך געראַנגלט מיט די שווערסטע שטערונגען און האָט זיי בייגעקומען. אָבער דאָס שענסטע וואונדער, דער התפעלותדיקער מאָמענט זיינען זיינע ארבע־טער. זיין גרויסע אינזשינערישע אונטערנעמונג איז געטאָן געוואָרן פון יידישע הענט, וועלכע האָבן קיינמאָל אזא מין ארבעט נישט געטאָן. די אריבערמראָגונג פון דעם ירדן אין אַן אַנדער בעט, די דאַמס, די בריקן, די אויפשטעלונג פון ריזיקע טורבינען, די אויפבויאונג פון דער גלית־געביידע, אַלץ, אַלץ איז געטאָן געוואָרן פון די טאַטע־מאַמע קינדער, די בי־כער־מענטשן, די קינדער פון שולע און חדר. זיי האָבן געהאַט דעם ווילן און אַנטשלאָסנקייט אַלץ צו קאָנען, וואָס דער אויפ־בוי פון פאָלק און לאַנד וויל פון זיי, און זיי האָבן געקאָנט. די לערניינגלעך זיינען זייער שנעל מייסטערס געוואָרן.

ד ג נ י ה (דעגאַניא), וואָס האָט געגומען איר נאָמען פון דער צאַ־טער קאָרנבלום (דגניה אויף העברעאיש), דגניה, די ערשטע, די עלטסטע פון אַלע קבוצות, וועגמאַכערין, וועגווייַ־זערין, פּראָביר־סטאַנציע פאַר דעם קבוצה־לעבן, פורם, נאָך וועל־כער די נאָכקומער האָבן זיך געפורמט, זי איז געשטאַלטע ווילן און אַנטשלאָסנקייט.

מיט צוועלף מענטשן האָט זיך אָנגעהויבן דגניה אין 1912. מיט צען מענער און צוויי פרויען, חברים אַלע פון דער ראָמנישער קאָמונע, וואָס האָט געאַרבעט צוערשט אין כנרת און דערנאָך אין חדרה. אויף דער ערד פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד ביים אָרט, וואו דער ירדן קומט ארויס פון דעם ים כנרת (קינערעס). די אַראַבער האָבן דערפאַר גערופן דעם אָרט „די עפענונג פון מויל", און דיכטער און קינסטלער האָבן דאָ פאַר זיך אַ לאַנדשאַפט פון פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט. אָבער ווען דגניה איז געגרינדעט געוואָרן, איז די געגנט געווען זומפּיק, און דער וועג, וואָס האָט געפירט פאַרביי איר, איז געווען אַ וועג פאַר אַראַבישע קאָנטראַבאַנדיסטן, פאַר רויבער און גנבים. און וויסט איז גע־ווען די ערד, קיין גרעזל נישט און נישט קיין איינציקער

בוים. די וויסטקייט האָט אָנגעוואָרפן אַן אומעט, און איידער די צוועלף האָבן אויפגעשטעלט געביידעס פאַר זיך, האָבן זיי פאַרפלאַנצט בוימער. זיי האָבן געפלאַנצט נישט ווילנדיק, וואָס דאָ קאָן וואַקסן און וואָס נישט. האָבן זיי געדולדיק גע־פלאַנצט און אויסגעריסן, געפלאַנצט און אויסגעריסן. אָבער דגניה איז איצטער איינגעטונקט אין גרינס, אַ פּראַכטפולער גאָרטן, אַ געדיכטער פּאַרק מיט פּאַלמען, ציפּרעסן, אייקאַ־ליפּטוסן, באַנאַנעס־בוימער, פּאָמעראַנצן־בוימער, וויינטרויבן, איילבירטן, באָקסער־בוימער...

עס זיינען געוועזן אין דגניה חברים, וואָס האָבן געדענקט, אַז זיי דאַרפן נאָר מאַכן דעם אָנהויב, אויסטרעטן דעם וועג און פאַרנעמען זיך ווייטער. אויסזוכן אַ נייעם וויסטן ווינקל און באַאַרבעטן אים, און דערנאָך ווידער אַ נייעם ווינקל. דאָס איז געוועזן שוואַכקייט, אַן אַנטלויפן פון דער בויענדיקער אַל־טעגלעכקייט. עס איז לייכטער צו גיין אין אַטאַקע ווי צו שטיין אין די טרענטשעס. ווען די חברים האָבן עס באַגריפן, האָבן זיי זיך אָנגעטאָן אַ כוח און זיינען געבליבן. גענומען אויף זיך דאָס שווערע יאָך פון דער אַלטעגלעכקייט און אויפגעבויט דאָס נייע לעבן.

אויף אַ סך שווערע פראַגן פון זעם סאָציאַליסטישן צו־זאַמענלעבן האָט דאָס נייע לעבן אין דגניה געדאַרפט געבן אַן ענטפער און האָט אים געגעבן. איינע פון די שווערסטע פראַגן איז געוועזן די קינדער־דערציאונג. אַ קינד איז געבאָרן געוואָרן, ווער זאָל עס אויפברענגען? וואָס טאָן, ער זאָל נישט זיין קיין שטער דער מוטער אין איר אַרבעט? און דגניה האָט געענטפערט. קינדער־דערציאונג איז אַ שותפותדיקע זאַך, איז די זאַך פון דער גאַנצער קבוצה. אַלע פרויען זיינען אין איר באַטייליקט, אויך די קינדערלאָזע, אויך די מיידלעך. די „קינדער־היים" איז באַשאַפן געוואָרן, די שותפותדיקע אויפזיכט אויף די קינדער. זייער שווער געוועזן פאַר די מאַמעס, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן צו האָבן זייער אייגענעם ציטער איבער זייער אייגענעם קינד. אַ האַרטער עקזאַמען געוועזן פאַר זיי. וואָס פאַר אַ כוח זיי האָבן זיך געדאַרפט אָנטאָן! עס איז געוועזן

רעוואָלוציאָנערער ווילן און אַנטשלאָסנקייט, וואָס האָט באַשאַפן די סאָציאַליסטישע קינדער־היים.

ווילן און אַנטשלאָסנקייט!

א גרויסן בית עולם האָט דגניה. קברים, קברים, קברים. געשטאָרבענע פון קרענק, קרבנות פון טערקישע רדיפות אין דער צייט פון דער מלחמה, און געפאַלענע פון דער אייגענער האַנט, ווייל דער גלויבן אין דער בעסערער צוקונפט איז אָפּגעשטאָרבן, ווייל ווילן און אַנטשלאָסנקייט זיינען פאַרחלשט געוואָרן. אָבער אָט איז דער קבר פון יוסף בוסל, דעם ערשטן בוימער־פלאַנצער אין דגניה, דעם שאַפער פון דעם נייעם לעבן דאָרטן, דעם מאַן מיט דעם אייזערנעם ווילן. ער איז דערטרונקען געוואָרן אין ים כנרת, ווען א שטורם האָט איבערגעקערט זיין שיפל, און ער האָט נישט געקאָנט דערשווימען צום ברעג, ווייל זיין קערפער איז אָפּגעשוואַכט געווען פון דער פאַררעטערישער מאַלאַריע. און אָט איז דער קבר פון דעם נייבצן־יעריקן משה בארסקי, וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר דעם קבוצה־אייזל, וואָס אַראַבער האָבן געוואָלט ביי אים אוועקרויבן. ווען זיין פאָטער אין רוסלאַנד האָט זיך דערוואוסט פון זיין העלדישן טויט, האָט ער אוועקגעשיקט זיין צווייטן זון צו פאַרנעמען דעם געפאַלענעמס פּלאַץ. און אָט איז דער קבר פון דעם אַלטן אהרן דוד גאָרדאָן, דיכטער און דענקער אין שווערער ערד־אַרבעטער, פּרעדיקער און זינגער פון דער אַרבעטס־רעליגיע, דער ייד מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד און באָרוויסע פיס, וועלכער האָט אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג געפונען אַן אויפמונטערונגס־וואָרט פאַר זיינע יונגע חברים, געשטאַרקט זייער מוט, געשטאָלט זייער ווילן, געשמידט זייער אַנטשלאָסנקייט, געלערנט זיי עקשנות, אומדערמידלעכקייט און פרייד אין דעם שאַפן פון אַן אַרבעטנדיקער ארץ ישראל.

בויג איין דיין קאָפּ, באַזוכער!

.15

## פראַגן און ענטפערס

העי, זיינען מיר נישט אויפן לינקן ברעג פון ירדן, אין עבר הירדן, אין טראַנסיאָרדאַניע, וואָס איז מיט דעם חסד פון ענג־לאַנד אָפּגעריסן געוואָרן פון איבעריקן ארץ ישראל און גע־מאַכט געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה? שטייט נישט די קבוצה דגניה אויף ערד, וואָס געהערט נישט מער צו ארץ ישראל? געפינט זי זיך נישט אין חוץ לארץ?

אָ, יאָ, געוויס. מיר זיינען אין טראַנסיאָרדאַניע, אין דעם לאַנד, וואָס איז אָפּגעטיילט געוואָרן פון דעם איבעריקן ארץ ישראל, ווייל אַזוי האָט עמיצן געפּאַסט. אַ זייער גרויס לאַנד מיט אַ מלך און אַ פּאַרלאַמענט און אַ גאַנצער רעגירונג, אָבער כמעט אָן אַ באַפעלקערונג, וואָס זאָל רעגירט ווערן. עטלעכע הונדערט טויזנט מענטשן אויף צענדליקער טויזנט קוואַדראַט מייל. אָבער אויך אַ פאַרמדבּרט לאַנד, מיט אומזיכערע וועגן, מיט רויבער־באַנדעס און וויסטע־געפּאַרן. גלעד איז דאָ, דאָס אַמאָליקע לאַנד פון באַלזאַם און אליהו הנביא, און דער גוט־ערדיקער, פעטער בשן, די לענדערייען פון די שבטים ראובן, גד און האַלב־מנשה. איצטער זיינען זיי מידע לאַנד־שטיקער, וויניק אַרויסברענגענדיקע, פאַרצרהטע, פאַרטרויערטע, בענקענ־דיקע נאָך דער ליבע און דער שאַפנדיקער ענערגיע, וועלכע די יידן האָבן געבראַכט צו זייער שוועסטער אויף דער אַנדער זייט ירדן און צו די פּאָר שטיקלעך ערד אויף זייער זייט פון ירדן —

גליקלעכע שטיקלעך ערד, וואָס האָבן אַזוי אויפגעלעבט און אויפגעגרינט אין פּרוכטבאַרער געזונטקייט אונטער די ליבנדיקע הענט פון די יידן.

דגניה איז דאָ אויף די פּאָר גליקלעכע שטיקלעך ערד, און נהרים, און דאָס ליכט־בערגל, פון יועלכן רוטנבערגס עלעק־טרישע סטאַנציע פאַרשפּרייט ליכט איבערן גאַנצן לאַנד.

דגניה איז געגרינדעט געוואָרן פאַר דער מלחמה. דעמאָלט איז דער עבר הירדן נאָך געווען ארץ ישראל. נאָך דער מלחמה און נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז דגניה געוואָרן עבר הירדן, נישט מער ארץ ישראל. איז טאַקע אַנגעגאַנגען אַ שווערע שאלה ותשובה. דגניה איז שיר נישט אָפּגעריסן גע־וואָרן פון דעם גאַנצן ישוב. נאָך אַביסל, און זי וואָלט געוואָרן חוץ לארץ, אויסלאַנד, מיט אַלע שווערע פּאַרקערס־באַדינגונגען, וואָס הערשן צווישן צוויי פרעמדע לענדער. קוים אָפּגעראַטע־וועט. איינגעבעטן זיך, אַז דער קליינער ווינקל דאָ מיט די יידישע באַזעצונגען זאָל נישט הייסן עבר הירדן. דער „מויל פון דער טיר", דער אָרט, וואו דער ירדן קומט אַרויס פון דעם ים כנרת, באַזעצט פון די ביידע דגניהס, ער אָטעמט ארץ ישראל לופט.

פון די ביידע דגניהס?!

אין צפון פון דער אַלטער קבוצה, וועלכע הייסט איצ־טער דגניה א' און איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1911, געפינט זיך דגניה ב', וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1920. האָבן מיר צוויי דגניהס.

עס איז שוין געווען אפילו אַ דגניה ג'. ביידע נייע דגניהס האָבן זיך באַזעצט אויף אַ שטיק ערד, וואָס דגניה א' האָט זיי אָפּגעטראָטן. אַ גוטע מוטער, וואָס באַזאָרגט אירע טעכטער. אַ גרויס שטיק ערד, קרוב צו צוויי טויזנט דונאַם, האַרט ביים ים כנרת. אָבער דאָס איז נישט געווען גענוג פאַר צוויי קבוצות. די יינגסטע, די קבוצה דגניה ג' האָט געמוזט אַרויס־קלייבן זיך, און דגניה ב' האָט פאַרנומען די גאַנצע ערד.

די טאָכטער איז באַלד אַריבערגעוואַקסן די מוטער מיט דער צאָל פון אירע נפשות. זי איז אויך געוואַקסן אָן די

יסורים, וועלכע די מוטער האָט געהאַט אויסצושטיין. דער וועג איז געווען אַן אויסגעטראָטענער, די פורם פון דעם נייעם קבוצה־לעבן איז שוין געווען אויסגעגאָסן. קוקט נאָר אריין אין דעם שיינעם עס־צימער פון דגניה ב', פאַרגלייכט אים מיט דעם עס־צימער פון דגניה א'. לייכטקייט אין דעם איינעם, שווערקייט אין דעם אנדערן. די וועגן, וועלכע דיביידע קבוצות האָבן דורכגעמאַכט, דער שווערער וועג פון דער עלטערער, דער לייכטערער וועג פון דער יינגערער, האָבן דאָ אוועקגעלייגט זייער שטעמפּל. די יינגערע וואוינט אויך הארט ביים ים כנרת, און גוט און לייכט מוז איינעם זיין אויפן הארצן ביים שטענדיקן אָנבליק פון אַזויפיל שיינקייט.

זיבנאונצוואנציק קילאָמעטער די לענג, זיבן קילאָמעטער די ברייט, ליגט דער ים אַרומגענומען פון בערג. אין מזרח די גולן־בערג, אין מערב די בערג פון גליל, ווייט אין צפון וויַיסט זיך דער פאַרשנייטער קאָפּ פון דעם חרמון. זיבן ימים, זאָגט די גמרא, האָט גאָט באַשאַפן, און פון אַלעמען האָט ער אויסגעקליבן דעם ים כנרת — זיבן ימים אין די גרעניצן פון ארץ ישראל. און פון זיי דער שענסטער איז דער בלויער כנרת.

כנרת טייטשט מען הארף, און דער ים כנרת, זאָגט מען זעט אויס ווי א הארף. די גמרא דערקלערט דעם נאָמען כנרת מיט דעם נאָמען פון א זייער געשמאַקער פרוכט, וואָס איז געוואַקסן ביי די ברעגן פון דעם ים און האָט געהייסן בינרא. אָבער מיר ווילן אָננעמען דעם ערשטן טייטש. דער ים איז זייער שיין, ער מוז א הארפע זיין. מיר ווילן אים אויפנעמען מיט אַלע אונזערע חושים, אויך די אויערן זאָלן פון אים הנאה האָבן. טראָגן זיך נישט איבער אים צאַרטע הארפּע־טענער? אַזוי ליב און אַזוי זיס שפּילט עס אַרויס פון אים. די רוישיקע האַרץ ווערט שטילער, איינגעהאַלטענער, אָבער אויפן הארצן איז אַזוי גוט, און עס ווילט זיך אויפלאַכן אין א שטילן גליקלעכן געלעכטער.

ביי זיין דרום־מערב ווינקל, אויף דער זייט פון דעם ירדן, געפינט זיך א גרויס שטיק לאַנד, וואָס טראָגט דעם נאָמען כנרת. איינע פון די ערשטע לע־דערייען, וואָס דער

נאציאָנאַל־פאָנד האָט אויפגעקויפט אַ פּאָר יאָר נאָך זיין גרינדונג אין יאָר 1901. אין דעם אַלטן אַמאָל זיינען דאָ געשטאַנען די שטאָט אריח, די שטעטל צינאָברא און איי־ניקע דערפער — שטעטלעך און דערפער, וועלכע האָבן גע־פלאַנצט די כינרא און הנאה געהאַט פון איר. ווען דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט אויפגעקויפט דעם דאָזיקן ווינקל, איז ער געווען אַ דורכגאַנגס־אָרט פאַר אַראַבישע שמוגלער, רויבער און גזלנים. די ערד איז געווען קראַנק און זומפּיק, פון דער כינרא איז נאָר געבליבן די דערמאָנונג אין דער גמרא. אַ לאַנגע צייט האָט דער נאַציאָנאַל־פאָנד נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דער ערד, וואָס ער האָט געקויפט. עס זיינען געווען וויייניק בעלנים צו באַזעצן זיך דאָ. צו ווייט פון די אַנדערע טיילן פון דעם נייעם יידישן ישוב און צו געפער־לעך. ער האָט געמוזט פאַרדינגען זי צו אַראַבער, כדי זי זאָל נישט שטיין ליידיק און די טערקישע רעגירונג זאָל זי נישט אָפּנעמען לויט אַ געוויסן געזעץ. אין יאָר 1908 איז דאָ ענדלעך אויפגעפּנט געוואָרן אַ פאַרם, אויף וועלכער מען האָט באַזעצט יידישע אַרבעטער — די ערשטע באַזע־צונג פון יידישע אַרבעטער אויף דער ערד פון דעם נאַציאָ־נאַל־פאָנד. אָבער נישט אויף אייגענער אחריות, אַליין און זעלבסטשטענדיק, נאָר אונטער דער אויפזיכט פון אַן אַדמי־ניסטראַטאָר, וואָס האָט נישט ליב געהאַט קיין יידישע אַרבעטער. דאָס האָט געבראַכט צו רייבערייען און ענדלעך צו אַ שטרייק. דער שטרייק האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס דער אַדמיניסטראַטאָר איז אַוועקגענומען געוואָרן, אָבער די אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך דערוועגט צו שטרייקן, האָבן גע־מוזט פאַרלאָזן די פאַרם.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אין 1913, האָבן דאָ אַנדע־רע אַרבעטער איבערגענומען ערד אויף זייער אייגענער אחריות און געגרינדעט אַ קבוצה. דער ביישפּיל פון דער דערבייאיקער דגניה האָט אָנגעהויבן צו ווירקן.

דער גאַנצער ווינקל איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. דער אויפהאַלט פון רויבער און גזלנים איז געוואָרן אַ בוי־

פּלאַץ פאַר שאַפנדיקער יידישער ענערגיע. די כינרא, די פּרובט, וואָס די גמרא האָט אַזוי געליבט און געלויבט, וואַקסט דאָ נישט — מען וויים נישט אפילו, וואָס אַזוינס זי איז געווען און ווי זי האָט אויסגעזען; אָבער אויף דעם משופּע פון אַ בערגל צעשפּרייט זיך דאָ אַ גרויסע פּלאַנצעריי, וואָס גרייט צו די פאַרשיידנסטע פּלאַנצן פאַר מער און מער ערד, וואָס וועט אויפגעלעבט ווערן דורך יידישער אַרבעט. און כנרת ווערט דער ים אָנגערופן, ווייל ווי מיט פידל־שפּיל פאַרזיסט ער די שווערע אַרבעט פון די פלייסיקע אויפבויער פון אַ נייעם לעבן.

אין איין ווינקל פון כנרת דער באַזעצונג געפינט זיך אַ קבוצה, וואָס הייסט ס. ס. ס. ר. — דערקענט איר די ראשי תיבות? פון סאָוויעט־רוסלאַנד קומען זיי, די מיטגלידער פון דער דאָזיקער קבוצה. איבער הונדערט יונגע מענטשן, מענער און פרויען. דאָס רוב פון טיף רוסלאַנד, בלאָנד און בלויאויגיק, רוסיש־ריידער מיט דעם עכטן רוסישן אַקצענט.

וואָס האָט אייך געבראַכט אַהער? פאַרוואָס האָט איר פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון דעם הערלעכסטן אויפטו, דאָס וואונדערלעכע לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, פון דעם מאַרטירערישן איבערבוי פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן? איר בויט דאָ אין ארץ ישראל אייער לעבן קאָמוניסטיש — פאַרוואָס זייט איר דאָרטן נישט געבליבן?

אויגן צינדן זיך אָן, באַקן פאַרפלאַמען זיך, די שטימען זיינען אויפגערעגט.

זיי ליבן די אידעע פון קאָמוניזם, ווילן לעבן אין איר, קעמפן פאַר איר, שטאַרבן פאַר איר, אָבער זיי ליבן נישט די בייטש פון קאָמוניזם. אפשר איז זי נויטיק. נויטיק פאַר די מיליאָנען און אָבערמיליאָנען אין ראַטנפאַרבאַנד, וועלכע פאַרשטייען נישט דעם קאָמוניזם, באַגרייפן אים נישט, זיינען אים פרעמד און פיינטלעך. יענע דאַרפן אפשר אַ בייטש, סטאַדעס, וואָס ווערן געטריבן דורך פּאַסטוכער. אָבער זיי האָט די בייטש באַליידיקט, געקרענקט, געטריבן צו פאַרצווייפלונג. בייטש און צוואַנג האָט זיך נישט פאַרטראָגן מיט זייערע

באגריפן פון סאָציאַליזם, מיט זייער חלום פון זיין פאַר־ווירקלעכונג. זיי האָבן נישט געקאָנט אַרבעטן פריי און ליב־פּול מיט דער בייטש איבער זיך. ווען זיי האָבן וואָס געזאָגט, האָט מען זיי דערקלערט פאַר קאָנטררעוואָלוציאָנערן, זיי, פאַר וועמען דער קאָמוניזם איז לעבן און גלויבן. די בייטש־פאָכער זיינען געוועזן אליין די פּראָקוראָרן און אליין די שופטים, און זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

זיינען זיי געקומען אהער, צו לעבן אין רואיקייט די אידעע פון סאָציאַליזם.

און אַן אַנדער וואָרטפירער דערקלערט פאַר אַן אַנדער גרופּע:

זיי האָבן שטאַרק געליבט די רעוואָלוציע, געוועזן באַגייסטערט פאַר איר, באגריפן איר וועלט־באַדייט, באַגריפן אפילו איר בייטש, זיי האָבן זיך די ערשטע אָנגעשלאָסן אַן אירע רייען און טריי איר געדינט. אָבער זיי האָבן געמיינט, אַז דווקא די רעוואָלוציע וועט געבן די מעגלעכקייט צו פאַר־ווירקלעכן דעם חלום פון אַ יידישן סאָציאַליסטישן לעבן אין ארץ ישראל. זיינען זיי דערפאַר פאַרפאָלגט געוואָרן, ווי זיי וואָלטן געוועזן אַ סכנה פאַר דער רעוואָלוציע. שולדיק אין דעם איז דער אַלטער קאַמף פון די בונדיסטן קעגן די פּועלי ציוניסטן. דער קאָמאַינטערן און די סאָוויעט־רעגירונג וואָלטן זיכער זיך אַנדערש באַצויגן צו זייערע באַשטרעבונגען, ווען די געוועזענע בונדיסטן און איצטיקע יעווסעקן וואָלטן נישט פאַררכילותט זייערע צוועקן און נישט פאַרדרייט די קעפּ.

און אַזוי זיינען זיי געקומען אַהער. רוסלאַנדס פאַרלוסט, ארץ ישראלס געווינס. פּראַכטפולער מענטשנשניט, שיינע גייס־טער, איבערצייגטע סאָציאַליסטן, באַגייסטערטע בויער פון דעם נייעם לעבן — כנרת איז שענער געוואָרן...

.16

# טבריה און צפת

דער ים כנרת איז שיין, און דער וועג גייט ביי זיין ברעג, און די אויגן טרינקען פון דער הערלעכקייט פון דעם ארום און טראָגן ליבטקייט אין הארצן אריין.

אָבער די גאַנצע געגנט ליגט הונדערטער פוס אונטער דער פלאַך פון דעם מיטללענדישן ים, און די לופט איז זייער הייס, זי ווערט דריקנדיק, שטיקנדיק.

אָדער איז עס נישט די לופט? מיר פאָרן אראָפּ צו טבריה דער טיף־שטאָט און דערנאָך ארויף צו צפת דער בארג־שטאָט — שטעט פון אונטערגאַנג, שטעט פון קברים, שטעט פון וויסטן אבערגלויבן...

פאָר שנעלער, שנעלער, מיין שאָפער! —

צווישן די שטעט, וואָס זיינען צוגעפאַלן דעם שבט נפתלי, ווען די צוועלף שבטים אונטער יהושעס פירונג האָבן דעראָבערט דאָס לאַנד, ווערט דערמאָנט די שטאָט חמת רקת (כאמאס ראקאס). חמת איז דער טייטש וואַרמבאָד, און רקת ווערט געטייטשט ברעג. חמת רקת די וואַרמבאָד ביים ברעג. דער ברעג איז דער מערב־ברעג פון דעם ים כנרת, און די וואַרמבאָד זיינען די זודיקע קוואַלן, וואָס שלאָגן דאָ ארויס פון דער ערד. איצטער, ווי מיט טויזנטער יאָר צוריק. דער נאָמען גיט אָן די ראָלע און די באַשטימונג פון דער שטאָט, מער ווערט זי אין תנ״ך נישט דערמאָנט, אירע הייסע היילנ־

דיקע קוואַלן ווערן אין גאַנצן פאַרשוויגן. היסטאָריקער האָבן גאָרנישט וועגן איר פאַרשריבן, די נביאים האָבן זי אויסגע־לאָזן אין זייערע משלים און פאַרגלייכונגען.

ווען אַנטיפּאַס, דער זון פון הורדוס, איז געוואָרן קעניג איבער דעם עבר הירדן און גליל אין יאָר דריי נאָך קריסטוס, איז חמת רקת אַ גרויסער בית־עולם. אָבער אַנטיפּאַסן גע־פעלט די געגנט, און ער באַשליסט צו באַזעצן זיך דאָ. אין יאָר 24 בויט ער אויס אַ נייע שטאָט אויף דעם אָרט פון חמת רקת, גיט איר אַ נאָמען טבריה (טיבעריאַס) לכבוד דעם רוי־מישן קייסער טיבעריוס און מאַכט זי פאַר זיין הויפּט־שטאָט. מיט הונדערט יאָר שפּעטער ווערט זי דער זיצאָרט פון דעם סנהדרין. דער תנא רבי שמעון בן יוחאי היילט זיך אין אירע קוואַלן, דער תנא רבי מאיר גרינדעט אין איר זיין ישיבה. אונטער דעם אמורא ר׳ יוחנן, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיין תורה ווי מיט זיין שיינקייט, ווערט זי די הויפּט־שטאָט פון יידישער גייסטיקייט. איר רוימישער נאָמען, דער נאָמען פון אונטערטעניקייט און חניפה, איז אומאַנגענעם די באַקעמפער פון אַלץ, וואָס איז רוימיש, כשרן זיי אים מיט אַ יידישער אויסטייטשונג. דער נאָמען טבריה איז בלויז אַ נוטריקון, אַן אָפּקירצונג פון די ווערטער „טובה ראיתיה" — איך האָב געזען, אַז זי איז גוט...

זי איז געווען גוט אַ פּאָר הונדערט יאָר. אַ גרויסע יידי־שע שטאָט, תורה, אַרבעט, האַנדל. אָבער שוין ר׳ יוחנן האָט פאָראויסגעזען דעם סוף. טבריה גרעניצט אָדער דערגאַנצט זיך מיט משיחן, האָט ער געזאָגט. איר סנהדרין וועט זיין דער לעצטער, די גוטע טעג וועלן זיך אויסלאָזן. זיי וועלן זיך אָנהויבן ווידער, ווען משיח וועט קומען.

און אַזוי איז עס געווען. דאָס לעבן איז אויסגעגאַנגען אין איר, זי איז געוואָרן אַ שטאָט פון קברים. מען באַווייזט אונדז אין שטאָט דעם קבר פון רבי יוחנן בן זכאי און אויבן אויף אַ באַרג, צוואַנציק מינוט גאַנג פון שטאָט, דעם קבר פון רבי עקיבא און זיינע לעגענדאַרע פיר און צוואַנציק טויזנט תלמידים, וועלכע זיינען אויסגעשטאָרבן אין אַ מגפה צווישן

פסח און ל״ג בעומר, און יעדן ל״ג בעומר גייען די טבריהער ייִדן מתפּלל צו זיין אויף זייער קבר... און ווידער אונטן אין שטאָט די קברים פון אַ סך תנאים און אמוראים און דעם קבר פון רמב״ם. קברים און קברים...

אָבער דער באַרימטסטער קבר איז דער קבר פון רבי מאיר בעל הנס. צוויי גרויסע שולן זיינען אויסגעבויט איבער זיין קבר, אַ ספּרדישע און אַן אשכנזישע. די שותּפותדיקע וואַנט פון די ביידע שולן שטייט איבער דעם קבר און זיין הויכער מצבה. גלייך אויף גלייך: איין טייל מצבה געפינט זיך אין דער ספּרדישער שול, דער צווייטער אין דער אשכנזי־שער. אייזערנע גראַטעס צוימען זי אַרום, גרויסע ליכטער ברענען שטענדיק פאַר איר...

ווער און וואָס איז געווען דער מאיר בעל הנס? ווען און וואו האָט ער געלעבט? וועלכע נסים האָט ער באַוויזן ביי זיין לעבן? ווי קומט ער צו זיין טיטל? פאַרוואָס קומט אים אַזאַ באַוואונדערונג? ווי אַזוי איז ער איינגעוואָרצלט געוואָרן אין די מוחות און די הערצער פון די גלויביקע מאַסן?

די געשיכטע ווייס נישט קיין ענטפער, די לעגענדע גיט נישט קיין דערקלערונג, אָבער דאָס פאָלק פרעגט נישט קיין קשיות. אויף די זייער שווערע וועגן פון זיין לעבן האָט עס זיך געגויטיקט אין אַ וואונדער־טוער, צו וועלכן עס זאָל זיך קאָנען ווענדן נאָך אַ טרייסט און האָפנונג, און דער בעל הנס איז באַשאַפן געוואָרן. די ווערטער „מי גיניסר״ (די וואַסערן פון גיניסאַר, ווי דער כנרת האָט געהייסן), וועלכע האָבן גע־מיינט די היילנדיקע, וואונדער טוענדיקע קוואַלן פון טבריה, זיינען אפשר פאַרוואַנדלט געוואָרן אויף דעם פאָלקס־צונג אין „מאיר בעל הנס״, און די בענקעניש נאָך וואונדער האָט אים געמאַכט פאַר אַווירקלעכקייט.

מען ווייס נישט, ווען ער האָט געלעבט, אָבער מען ווייס, אין וועלכן טאָג ער איז געשטאָרבן. דעם פערצנטן אייר ווערט געפּראַוועט זיין יאָרצייט. אין הונדערטער און טויזנטער פאָרן זיך צונויף אויף זיין קבר ייִדן, ייִדענעס און קליינע קינדער פון גאָר דער וועלט, פילן אָן די שולן איבער זיין

מצבה, די ישיבה, וואָס געפינט זיך לעבן די שולן, דעם גאַנצן דרויסן פאַר די שולן און דער ישיבה. אין די ווענט פון די געביידעס זיינען פאַראַן פאַרטיפונגען — הויכע ברייטע, אָפּענע שרענק, האָטעל־צימערן פאַר די, וואָס קומען באַצייטנס, און וואָכן פאַר דעם פערצנטן אייר קומען אָן באַצייטנס געסט און קלייבן זיך אַריין אין די דאָזיקע לעכער, מאַן און ווייב און קינד, און האַק און פּאַק. די שפּעט־אָנקומער וואַלגערן זיך אין דרויסן — מאַן און ווייב און קינד, און האַק און פּאַק... אָבער קיינער איז קיינעם נישט מקנא, קיינער וויל קיינעם נישט אַרויסשטופּן, פאַרטרייבן. רבי מאיר איז אַלעמענס, און אַלעמענס איז די שמחה. דעם פערצנטן אייר צינדט מען אָן ליכט, און מען בעט, און מען וויינט, און מען זינגט, און מען טרינקט, און מען טאַנצט. דער, וואָס האָט פּיִלייכט גאָר קיינמאָל נישט געלעבט, לעבט זייער שטאַרק אין די מוחות און הערצער פון די אין דער פינסטערניש גייענדיקע, וואָס בענקען נאָך אַ נס, דאַרפן אים, דערוואַרטן אים.

אָבער איין נס האָט דער לעגענדאַרער וואונדער־טוער טאַקע דערוויזן. ער האָט דערהאַלטן ביים לעבן דורות און דורות פון דעם אַלטן פאַראָרעמטן ישוב מיט די צדקה־פּושקעס, וואָס גייען אויף זיין נאָמען און געפינען זיך אין אומצייליקע יידישע הייזער. די יורחת, די אַראָפּגעקומענע גבירה טבריה האָט געלעבט נאָר פון זיי.

נישט מער. טבריה הערט אויף צו זיין אַ בעטלערין. דער נייער גייסט פון דעם נייעם ישוב שוועבט שוין איבער איר. די שמאָלע פון ענגע געסלעך מיט הייזער אָן לופט און ליכט האָט שוין צוגעקריגן נייע ברייטע גאַסן און שיינע לופטיקע הייזער. זי האָט שוין אויך איר הדר הכרמל. אויף אַ באַרג אין איר צפון־מערב איז אויסגעבויט געוואָרן אַ נייער שטאָטטייל, וואָס הייסט קרית שמואל לכבוד דעם ערשטן נציב הערבערט סעמיועל. ברייטע גאַסן, שיינע באַקוועמע הייזער, אַ צענטר פון נייעם לעבן.

און אַן אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט האָט שוין טבריה. נישט קיין גרויסע, ציילט אַ דריי־פיר הונדערט אַר־

בעטער. אָבער זי איז באַוועגונג, וועקונג, אָנטרייב, רוף צו אַ נייעם מאָרגן, באַפרייאונג פון אַלטן שימל...

טבריהס הויפּט־פּרנסה וועלן זיכער ווערן אירע וואַרמבעדער. דער תנ״ך האָט זיי פאַרשוויגן, די גמרא האָט זיי אָפּט דערמאָנט, די צוקונפט וועט זיי מאַכן פאַר אַ גוט געשעפט. דער אונטערנעמונגס־גייסט פון דעם נייעם ישוב האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזן אויף זיי. ער וועט זיי אויסרייניקן, שיין אַרומבויען, מאַכן אָנציִענדיק. „פאַרוואָס, פרעגט די גמרא, האָט ירושלים נישט געהאַט קיין וואַרמבעדער ווי טבריה?״ און זי ענטפערט: „כדי מען זאָל נישט זאָגן, אַז מען איז עולה רגל אין ירושלים צוליב די וואַרמבעדער...״ אַזוי באַפּולער זיינען די וואַרמבעדער פון טבריה געוועזן, אַזוי פּאָפּולער קאָנען זיי ווידער ווערן.

פאַרלויפיק אָבער... אַ, פאַרלויפיק איז גלייבער מיר בלייבן נישט שטיין ביי זיי! אַרויף, אַרויף צו צפת און ווייטער!

צפת ליגט אויך אין שבט נפתלי, אָבער ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן און ווי אַלט זי איז, דאָס איז נישט באַקאַנט. אין תנ״ך ווערט זי נישט דערמאָנט, און אויך נישט אין דער גמרא. צום ערשטן מאָל ווערט זי דערמאָנט אין די שריפטן פון אַ יידישן רייזנדן פון דרייצנטן יאָרהונדערט. אין יענער צייט האָט זי געהאַט אַ יידישע קהלה פון פופציק מיטגלידער. אָבער אין זעכצנטן יאָרהונדערט איז זי שוין די גרעסטע יידישע קהלה אין ארץ ישראל, שטייגט אַריבער אפילו ירושלים, זי ווערט די שטאָט פון קבלה און קאַבאַליסטן. אַ זוהר־שפּרוך האָט זיך פאַרשפּרייט, אַז ווען משיח וועט קומען, וועט ער אַראָפּשטייגן צוערשט אין צפת, וועלכע ליגט אויף אַ הויכן באַרג... זי ווערט די הייליקסטע שטאָט. די שכינה רוט אויף איר. ר׳ יוסף קאַראָ, ר׳ יצחק לוריא (דער אר״י), חיים וויטאַל, משה קאָרדאָוועראָ זעען דאָ זעאונגען, דערהויבן זיך אין וועלטן פון ספירות, ר׳ שלמה אַלקאַבעץ זינגט דאָ זיין „לכה דודי״.

נאָך דעם זעכצנטן יאָרהונדערט פאַלט זי אויף נישט אויפצושטיין. די שבתי צבי באַוועגונג האָט אונטערגעגראָבן דעם

קאבאליזם. די שכינה האט זיך פון איר אפגעטאן. פארצווייפ־לונג און מידקייט האבן זיך אראפגעלאזן אויף איר. זי איז געווארן א שטאט פון קברים. א, רייזנדער, דאס איז די שול פון דעם אר״י, דאס איז די הייל פון דעם אר״י, דאס איז דער קבר פון דעם אר״י!... און דאס איז דער קבר פון יוסף קארא, פון חיים וויטאל, פון משה קארדאווערא... און נאך עלטערע קברים: פון דעם נביא הושע און זיין פאטער בארי, פון דעם תנא יוסף הבנאי...

דער זומער פון 1929 האט צוגעגעבן א סך נייע קברים פון נייע קדושים. פון אלטע ספרדישע יידן און זייערע פרויען און זייערע קליינע קינדערלעך, אומגעקומענע אין א בלוטיקן פאגראם פון צוואווילדעוועטער אראבישער פינסטערקייט.

אבער אויך צפת קאן ווערן מער ווי א קברים־שטאט. איר לופט איז בארג־לופט, איז געזונטמאכערין. די „הדסה" האט דארט איר שפיטאל פאר לונגען־קראנקע. זי קאן ווערן זומער־פלאץ פאר דעם וואקסנדיקן ישוב — זי האט דעם קילסטן זומער. קוקט זי אראפ צום עמק און צו די ווייטע שטעט און ווייט אריבערן ים: קומען אן יידן?

אבער פארלויפיק... א, פארלויפיק איז שטיל אין צפת. געשעפטן ווייניק, אינדוסטריע נישטא. דאס ביסל ארבעטער, וואס זי האט געהאט, צופארן זיך. דאס לעבן שטייט. רייזנדע קומען בלויז אויף קבר אבות...

נאך די פאגראמען פון 1929 האט דער נויט־הילפס־פאנד אויפגעבויט פאר די יידן פון צפת א האנדלס־צענטער. א גרויסע פעסטונגס־געביידע. אויסגעבויט, שטייט זי, אבער ליידיק, ווייל עס זיינען נישטא קיין געשעפטן און קיין געשעפטס־לייט, וואס זאלן זיך ארייננקלייבן אין איר. שטייט זי ווי א טויטע מצבה נאך די געפאלענע און רואינירטע, אן אנדענק נאך די פאגראמען, און אויך נאך דער קאפלאזער הילף...

א, ווייטער, ווייטער, מיין שאפער!

.17

# ביז כפר גלעדי

הויך אין די בערג ליגט ראש פינה, און הערלעך איז דער אויסבליק. דער ים כנרת רעכטס, דער ים מי מרום לינקס, צווישן זיי דער ירדן־טאָל, און ווייטער לינקס אין צפון דער חרמון מיט זיין ווייסן קאָפּ. אָבער דו וועסט זי שנעל דורכ־פאָרן, מיין שאָפער. ווי זכרון יעקב. א שאָד, וואָס דו ביזט זי נישט פאַרבייגעפאָרן. ווי מעסבא.

ראש פינה, איינע פון די עלטסטע און גרעסטע יידישע קאָלאָניעס, איז געגרינדעט געוואָרן ביי דער ערשטער אויפ־כוואליונג פון דער באוועגונג פאר ווידעראויפלעבונג פון פאָלק און לאנד. ווידעראויפלעבונג האָט געמיינט זעלבסטארבעט און ארבעט פאר גרויסע יידישע מאסן, וואָס וועלן אָנקומען אין לאנד. אָבער ראש פינה איז אויפגעבויט געוואָרן אויף דער אויסבויטונג פון דער זייער ביליקער ארבעט פון די אראבישע מאסן. שאנד און שפּאָט! זי האָט קיינמאָל נישט באשעפ־טיקט קיין יידישע ארבעטער. און זי קאָן זיך אפילו נישט פארענטפערן מיט אָרעמקייט, ווי מעסבא, אָדער מטולה און די אנדערע קאָלאָניעס פון דעם אויבערשטן גליל.

אָבער אויך אָרעמקייט איז א שלעכטע אנטשולדיקונג. די אידעע פון ווידעראויפלעבונג קאָן דעם אויסרייד נישט אָנ־נעמען. די יידישע ארבעטער, וואָס זיינען געקומען אין ארץ ישראל צו ארבעטן, האָבן גוט פארשטאנען, וואָס די אידעע

פאָדערט פון זיי. זייער אָרעמקייט האָט זיי געפירט צו קעגנ־זייטיקער הילף און קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט, צו שותּפותדיקן צוזאַמענלעבן און געמיינזאַמער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, צו קבוצות און מושבים. ווידעראויפלעבונג איז ביי זיי געוואָרן ניי לעבן.

האָבן די אָרעמע קאָלאָניסטן נישט געקאָנט טאָן דאָס־זעלביקע? זיי האָבן נישט געוואָלט. די אויסבויטונג פון דער ביליקער אַרבעט פון די אַראַבער איז געווען די לייכטערע זאַך. זיי האָבן די אידעע פון דער ווידעראויפלעבונג נישט באַגריפן, די צוקונפט פון פאָלק און לאַנד איז זיי געווען פרעמד. זעט די דערציאונג, וואָס זיי האָבן געגעבן זייערע קינדער! זיי האָבן זיי נישט דערצויגן צו זעלבסטאַרבעט, נאָר אויפגעבראַכט אַלס אויפזעער איבער די אַראַבישע אַרבעטער. אָדער גאָר אָוועקגעשיקט פון לאַנד. אַוועקגעשיקט צו שטודירן אין פּאַריז, אין ווין, אין בערלין, און אפילו אין דער ווייטער אַמעריקע. די אָרעמקייט, וועלכע האָט נישט דערלויבט דעם לוקסוס פון באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער, האָט אָבער דערלויבט דעם לוקסוס פון אויסהאַלטן זין און טעכטער אין די פּאַרשיידענע אוניווערזיטעטן... וואָס וועלן באַדייטן די זין פון די אַלטע קאָלאָניסטן אין דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון ארץ ישראל? פאַרביסענע שונאים פון דער באַוואָוסטזיניקער, לאַנד־ און פאָלק־אויפבויענדיקער אָרגאַניזירטער יידישער אַר־בעטערשאַפט, האַרטהאַרציקע אויסבויטער פון די אומבאַוואוסטזיניקע אַראַבישע אַרבעטער — וואָס וועט דער ישוב פון זיי האָבן?

פון ערד און לופט הילכט אָפּ דער ענטפער: „צרות!"

עך, ראש פינה! דו און דיינע שוועסטער האָבן געקאָנט ווערן באמת אַ ווינקלשטיין אין דער געביידע פון דעם נייעם ישוב, אָבער איר זייט געוואָרן אַ שטיין, וואָס די בויער האָבן פאַרמיאוסט. וואָס ווייטער פון אייך! וואָס ווייטער!

אַ צוואַנציק מינוטן וועג נאָך צפת געפינט זיך אַ שטיק לאַנד, וואָס האָט געהערט צו ראש פינה און געהייסן ניזשמאַט אַל צאַבאַך. אין יאָר 1916 האָט אַ קבוצה פון פינף יידישע

ארבעטער איבערגענומען עס פון ראש פינה אויף איין יאָר צו באַארבעטן עס אויף די באַדינגונגען פון די אַראַבישע ערד־דינגער — פאַר אַ פינפטל פון דעם, וואָס די ערד וועט אַרויסברענגען, דאָך מיט אַן איינציקן אונטערשייד אין די באַדינגונגען. די אַראַבער פּלעגן די פאַרזייאונג קריגן פון די ערד־אייגנטימער, די יידן האָבן זי זיך אַליין געדאַרפט פאַרשאַפן... זיי האָבן געלעבט אין אַ שטאַל אָן אַ דאַך, געשלאָפן אויף ברעטער, דאָס ברויט, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון די באַלעבאַטים, איז געווען נישט צום עסן. זיי האָבן אַלע אײַבערגעקרענקט מיט דיזענטעריע און קדחת, אָבער דאָך אויסגעהאַלטן דעם יאָר. געוואָלט באַווייזן, אַז די יידישע אַרבעטער זיינען נישט קיין אַנטלויפער. דערנאָך איז דאָס שטיקלאַנד געווען צוויי יאָר יידן־ריין. אין 1918 האָט די פּיק"אַ עס איבערגעגעבן צו אַ קבוצה פון יידישע אַרבעטער. די קבוצה האָט אַ נאָמען געגעבן דעם אָרט אילת השחר (איעלעס האַשאַכאַר) — מאָרגנשטערן. ווי אַן אָנדייט אויף דער פינסטערניש פון דער דערבייאיקער ראש פינה. אָן איז זי, די אילת השחר, רעכטס פון וועג, נענטער צום טאָל. זיי געגריסט!

אָך, איז זי זיך אויסגעשטאַנען פון אירע באַלעבאַטים! די פּיק"אַ און אירע אַדמיניסטראַטאָרן האָבן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען דעם גייסט, וואָס פילט אויס די יידישע אַרבעטערשאַפט, און זיינען איר שטענדיק געווען אַ שטיין אין וועג. זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי זיינען די געבער און דאַרפן נישט דערלאָזן קיין פאָדערן. די, וואָס זיינען געצוואונגען אָנצוקומען צו זיי, דאַרפן אָנבויגן דעם קאָפּ, ווערן אונטערטאַנען און אויסלערנען זיך צו וואַרטן.

אַ טייכל גייט־דורך דורך אילת השחר. צוטיילט זיך, צושפּרייט זיך, און די קבוצה האָט געקאָנט האָבן וואַסער איבערגענוג. די פּיק"אַ־אַדמיניסטראַציע האָט נאָר געדאַרפט באַזאָרגן די וואַסערלייטונג. אָבער צען יאָר זיינען פאַריבער, און די קבוצה האָט נאָך אַלץ געדאַרפט ברענגען וואַסער אין פּעסער אויף פורן...

איבער דעמזעלביקן טייכל האָט געדאַרפט אַריבערגעוואָרפן

ווערן א בריקל. צוויי מיטגלידער פון דער קבוצה זיינען דער־
טרונקען געוואָרן, ווייל דאָס בריקל איז נישט געווען. אָבער
ערשט זיבן יאָר נאָך איר גרינדונג האָט די קבוצה געקראָגן
דעם נויטיקן האָלץ־וועג איבער דעם טייכל...

טראָגט זיך ווייטער, מיין שאָפער, פאַרביי דער „חולה" —
דער גרויסער, ברייטער, מייל־ווייטער פאַרזינקונג אין דער
ערד, וואָס איז פול מיט זומפּן, ביי וועלכע בעדואינער רוען
מיט זייערע סטאַדעס — און אַרויף צו די קבוצות פון העלדני־
מיט און אָפּפערבלוט, צו תל חי און כפר גלעדי. דאָס האַרץ
קלאַפּט אויף אין דערוואַרטונג, די אויגן זוכן אין אומגעדולד.

כפר גלעדי האָט געהייסן צוערשט חמרה (כאַמאַרא), דעם
נייעם נאָמען האָט זי אָנגענומען אין אָנדענק פון איר באַגרינ־
דער ישראל גלעדי. ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענ־
סטע מיטגלידער פון דעם „השומר", פון דער וואונדערלעכער
אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געזען אין דער
מוטיקער, מסירת־נפשדיקער באַהיטונג פון די יידישע קאָלאָ־
ניעס א לעבנס־טאַט פאַר דעם נייעם אויפבוי. אָבער ער האָט
זיך דערפילט אַנטטוישט און אויסגעניכטערט. וואָס האָבן די
שומרים דערגרייכט? זייער פאָדערונג, אַז די קאָלאָניעס זאָלן
באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער, איז נישט אָנגענומען געוואָרן.
צו וואָס ווייטער היטן קאָלאָניעס, וועלכע לעבן נישט פון
זעלבסטאַרבעט, וועלכע זיינען יידישע און דאָך נישט יידישע?
ישראל גלעדי האָט זיך פאַרבענקט נאָך אַן אייגענעם ווינקל
פאַר די שומרים, נאָך זעלבסטאַרבעט. ער האָט געפונען דעם
ווינקל נישט ווייט פון דער קאָלאָניע מטולה, וועלכע ליגט ביי
דער לבנון־גרעניץ.

אין יאָר 1917 האָט ער און זיינע חברים געקראָגן פון
דער פּיק"א א שטיק ערד, א שעה גאַנג פון מטולה. די ערד
איז געווען וויסט און אויסגעמאָגערט, אָבער גלעדי איז געווען
באַגייסטערט. א גן עדן וועט דאָ ווערן. זעט נאָר די שפע
פון וואַסער, וואָס קומט אַראָפּ פון די בערג! עס וועט דאָ
אויסוואַקסן א געזונטער, שטאַרקער דור, א דור, וואָס וועט
וויסן זיין באַשטימונג.

זיין נבואה איז מקוים געוואָרן, אָבער ער האָט איר פאַר־ווירקלעכונג נישט דערלעבט. אויפן דריטן יאָר נאָך דער גרינ־דונג פון דער קבוצה איז ער, אַ פינף און דרייסיק־יעריקער, גע־שטאָרבן, נאָכדעם ווי ער האָט מיט צוויי אַנדערע חברים פאַרזוכט דעם טעם פון אַ טערקישער תפיסה, וואו די טערקישע פאַרפאַל־גונגען האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אָן קיין שום פאַרוואָס. און נאָכדעם אויך ווי ער האָט זיך גוט אָנגעליטן פון פיק"אשער אַדמיניסטראַציע־קונסט.

אויף דער וויסטער ערד, וואָס זיי האָבן געקראָגן, איז אין קיין איין געביידע נישט געווען. די מיטגלידער פון דער קבוצה האָבן געמוזט וואוינען אין מטולה. דאָס האָט געהייסן צייט און געזונט צו פאַרלירן, און זיי האָבן זיך ענדלעך אויפגע־שטעלט אַ גרויסן געצעלט אויף אַ באַרג נישט ווייט פון זיי־ערע פעלדער. אָדער איז עס געווען אַ שטאַל? זיי האָבן דאָרטן געוואוינט צוזאַמען מיט זייערע פערד און אייזלען. דריי יאָר האָבן זיי אַזוי אָפּגעוואוינט, ביז ענדלעך עס איז פאַר זיי אויסגעבויט געוואָרן אַ הויז, וואו פיר־פינף חברים האָבן געוואוינט צוזאַמען אין אַ קליינינקן צימער.

די שפע פון וואַסער, וועלכע האָט באַגייסטערט גלעדין, האָט זיך גענומען פון באַרג־קוואַלן און וואָלט לייכט געקאָנט אַריינגעבראַכט ווערן אין הויז אפילו אָן מאַשינען. אָבער יאָרן־לאַנג איז דאָס וואַסער אַלץ געבראַכט געוואָרן אין פעסער...

אין 1920, אין דער צייט פון דעם אויפשטאַנד פון די לבנון־בעדואינער קעגן פראַנקרייך, זיינען כפר גלעדי און תל חי, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1919, אין גאַנצן חרוב געוואָרן. דריי חדשים לאַנג, פון כסלו ביז אדר, האָבן די חברים באַשיצט זייערע קבוצות פון אָנפאַלנדיקע בעדואינער — אין תל חי פינף און צוואַנציק חברים מיט אַכצן רעוואָלווערן, אין כפר גלעדי אַכצן חברים מיט זעכצן רעוואָלווערן. דעם עלפטן אדר האָבן זיי געמוזט אָפּטרעטן, ווייל די בעדואינער האָבן אָנגערוקט אויף זיי האַרמאַטן.

אין יענעם טאָג איז אויך געפאַלן דער אָנפירער פון זייער

פּאַרטיידיקונג, דער ליכטיקער בויער פון דעם „החלוץ״, יוסף טרומפּעלדאָר.

מיט צען יאָר פריער האָט ער באַרייזט רוסלאַנד און פאַר־נאַנדערגעטראָגן צווישן דער יידישער יוגנט די אידעע פון אַרבעט און סאָציאַליסטישן צוזאַמענלעבן אויף דער ערד פון ארץ ישראל. (אָ, די סאָציאַליסטנפּרעסעריי, וועלכע האָט אָנגע־נומען זיין נאָמען!) „דורך אַרבעט וועט אונזער פאָלק אויס־געלייזט און אונזער פאָטערלאַנד אויפגעשטעלט ווערן און אַ נייע געזעלשאַפט וועט אויפגעבויט ווערן, וואָס וועט באַפרייען דעם מענטש פון אויסבויטונג... די יוגנט פון אונזער פאָלק וועט אַריבערגיין צו ערד־אַרבעט, וועט אויפבויען איר לעבן אין פרייע געמיינשאַפטן, באַגרינדעט אויף פולער שותפותדיקייט אין דער אַרבעט און אין דער ווירטשאַפט, אַ לעבן פון קעגנ־זייטיקער הילף און געמיינזאַמער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די גרויסע אַגריקולטורעלע קבוצות זיינען דער וועג צו דער פאַר־ווירקלעכונג פון דער באַשטרעבונג צו אַ נייעם לעבן...״ צען יאָר שפּעטער איז ער אומגעקומען, פאַרטיידיקנדיק דאָס נייע לעבן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו בויען. (אָ, די געמיינהייט, וואָס וויל פון אים מאַכן אַ שווערד־העלד!).

ווען דאָס הייפל פאַרטיידיקער פון כפר גלעדי און תל חי, וועלכע האָבן געמוזט אָפּטרעטן פאַר דער מאַכט פון האַר־מאַטן, זיינען אָנגעקומען אין אַ פריינטלעכער אַראַבישער דאָרף, האָט דער שייך געפרעגט, וואו זיינען די איבעריקע. ער האָט נישט געקאָנט גלויבן, אַז דאָס הייפל מענטשן האָט זיך חדשים לאַנג געהאַלטן קעגן אַ גרויסער בעדואינער־מאַכט, פאַר וועל־כער די פראַנצויזישע סאָלדאַטן האָבן געמוזט אָפּטרעטן. ער האָט נישט געוואוסט דעם כוח פון דעם נייעם ייד, וועלכער קעמפט פאַר זיין אידעע פון אַ נייעם לעבן.

אין דער צייט פון די פּאָגראָמען פון 1929 זיינען כפר גלעדי און תל חי געוועזן צוריק אויפגעבויט און פאַראייניקט אין איין קבוצה. די צאָל פון די מיטגלידער אין דער באַנייטער כפר גלעדי איז דעמאָלט געוועזן עפּעס איבער הונדערט. אָבער אַכטהונדערט גוט באַוואָפנטע בעדואינישע רייטער האָבן

נישט דערוועגט אָנצופאַלן אויף איר און געוואַרט אויף פאַר־שטאַרקונג. זיי האָבן גוט געוואוסט דעם כּוח פון דעם נייעם ייִד, וואָס קעמפט פאַר זיין נייעם לעבן.

איז גוט ביי דיר צו זיין, כּפר גלעדי, סימבאָל דו פון דעם נייעם כּוח און דעם נייעם מוט!

וועלן מיר פאַרלויפיק דאָ בלייבן, שאָפער דו מיינער!

.1

# אַלץ און אַלעמען אויף לָהכעיס — נאָך ארץ ישראל!

תמוז איז אַ זייער הייסער חודש. די אַראַבער האָבן אים פאַריקן זומער אין ארץ־ישראל נאָך הייסער געמאַכט. פאַר די יידן, פאַר די ענגלישע סאָלדאַטן, פאַר זיך אַליין. עס האָט גע־ברענט דער הימל און עס האָט געברענט די ערד. שיסערייען, שרפות, געפּלאַצטע באָמבעס, געהרגעטע, פאַרוואונדעטע יעדן טאָג. און אָט דעם הודש תמוז האָבן מיר, איך און מיין פרוי, אויס־געקליבן פאַר אַ באַזוך אין ארץ־ישראל. נישט צופעליק און נישט אומוויסנדיק. מיר האָבן געוואָלט כאָטש איינאונדרייסיק טעג טיילן מיט דעם ישוב דאָס אומדערטרעגלעכסטע: היץ און געפאַרן און שרעק, אויב ער איז דאָרטן פאַראַן.

דער וועג נאָך ארץ־ישראל איז געוועזן אַ וועג פון אַנוואַקסנ־דיקער געפאַר. יעדער טאָג האָט געבראַכט אַלץ מער באַדריקנ־דיקע נייעס. איין טאָג אויפן שיף האָב איך מיר פאַרשריבן: „אַלץ איז פיין און שיין, וועטער און ים און זיינען פריינטלעך, אָבער שלעכטע נייעס פון ארץ ישראל: פערצן יידן פאַרוואונדעט.‟ און אַ צווייטן טאָג האָב איך פאַרשריבן: „העסלעך וועטער, העס־לעכער ים, אָבער נאָך העסלעכער זיינען די נייעס פון ארץ־ישראל.‟

אין פּאַריז האָבן חברים אונז באַגעגנט מיט אַ קרעכץ: „אין ארץ־ישראל ווערט עס ערגער און ערגער!‟

צוויי טעג פאַר אונזער אַרויפזעצן זיך אויפן שיף, וואָס האָט אונז געדאַרפט אַוועקפירן פון איטאַליע נאָך ארץ־ישראל, האָבן די איטאַליענישע צייטונגען געבראַכט די ידיעה, די שרעקלעכ־סטע פון אַלע, אַז זעכציק טויזנט בעדואינער פון עבר־הירדן,

שטאַרק באַוואָפנטע, גוטע רייטער און גוטע שיסער, האָבן צו־געשטעלט דער פּאַלעסטינער רעגירונג אַן אולטימאַטום: צען טעג וועלן זיי וואַרטן; אויב אין די צען טעג וועט די רעגירונג נישט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער, וועלן זיי איבערגיין דעם ירדן און חרוב מאַכן דעם גאַנצן ישוב.

נישט מער און נישט ווייניקער! זעכציק טויזנט בעדוּאי־נער, שטאַרק באַוואָפנטע, גוטע רייטער און גוטע שיסער, און די ענגלישע רעגירונג וועט דעם אולטימאַטום געוויס נישט נאָכ־געבן. דער ישוב וועט נישט לאָזן, זי זאָל אים אַננעמען! איז וואָס וועט זיין?

דגניה! די פּראַכטפולע קבוצה דגניה, די מוטער פון אַלע קבוצות, זי וועט זיין די ערשטע אין פייער פון די אַנרייטנדיקע בע־דואינער! עס האָט אונז געשווינדערט.

און טאַקע מיר אַליין! איז עס נישט משוגעת פון אונז? שפּילן זיך מיט פייער!...

מיר וועלן גראָד אָנקומען אין ארץ־ישראל, ווען זיי וועלן אָנ־זאָטלען זייערע פערד... איז נישט זייער אולטימאַטום אויך פאַר אונז? „פאַרט בעסער נישט, וואָרום מיר, די זעכציק טויזנט גוטע רייטער, וועלן זיך נישט פונאַנדערקלייבן צווישן געסט און איינוואוי־נער. מיר וועלן אָנרייטן אויף ווענען מיר וועלן אָנטרעפן אין אונ־זער וועג, און שיסן, ווען מיר וועלן נאָר דערזען. מיר זיינען די אור־אייניקלעך פון יענעם אַראַבישן רייטער, וועלכער האָט דערדריקט מיט די קאָפּיטעס פון זיין פערד דעם אַלטן יידישן דיכטער־פירשט, ווען ער האָט געקושט די ערד פון אונזער לאַנד, ווי זי וואָלט געוועזן זיין ערד. מיר זיינען נישט ערגערע רייטער פאַר אונזער עלטער־זיידן, און אונזערע פערד זיינען אור־אייניקלעך פון זיין פערד, פייערדיקע, פלינקע אַראַבער־פערד. מיר וועלן דערדריקן אַלע אייניקלעך פון יענעם דיכטער, וואָס באַלעבן די ערד פון אונזער לאַנד מיט ליבע און אַרבעט, ווי זי וואָלט געוועזן זייער ערד.״

מיר האָבן זיך צוגעהערט צום אולטימאַטום און צו דעם שרעק אין אונז און באַשלאָסן צו פאַרוואַרפן דעם אולטימאַ־טום. מיר פאָרן נאָך ארץ־ישראל!

א טאָג פֿאָרן אָפּפֿאָר האָבן מיר זיך אָנגעטראָפֿן מיט אַן עלטערן יענקי, וועלכער איז געווען איבערראַשט צו הערן, אַז מיר פֿאָרן נאָך ארץ־ישראל. מיר ווייסן מסתמא נישט דאָס לעצטע. אַמעריקאַנער בירגער ווערן נישט אַראָפּגעלאָזן פֿון די שיפֿן. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אַזוי באַפֿוילן. ער ווייס עס גאַנץ באַשטימט. דאָס איז אַ געשעענער פֿאַקט. ער האָט אַפֿילו אָנגערופֿן דאָס שיף, וואָס האָט נישט אַראָפּגעלאָזן אירע אַמעריקאַנער פּאַסאַזשירן.

אויב דאָס איז אמת, איז שלעכט. מיר האָבן זיך גלייך געזעצט אין טעלעפֿאָנישער פֿאַרבינדונג מיט דעם אַמעריקאַנער קאָנסול. איז עס אמת, אַז עס איז פֿאַראַן אַזאַ און אַזאַ באַפֿעל? ניין, ער ווייס נישט פֿון אַזאַ באַפֿעל, אָבער ער וואָלט זיך נישט געוואונדערט, ווען אַזאַ באַפֿעל וואָלט אַרויסגעגעבן געוואָרן, אויב עס וואָלט געווען מעגלעך, און ער האָט מיך געפֿרעגט:

„איר זייט אַ ייִד?"

„יאָ."

„קאָן איך אייך זאָגן, אַז עס איז אין העכסטער שטופֿע געפֿערלעך..."

„איך ווייס עס. אָבער וואו איז עס אין העכסטער שטופֿע געפֿערלעך פֿאַר פֿירהונדערט טויזנט ייִדן, וועט זיין אין העכסטער שטופֿע געפֿערלעך פֿאַר נאָך צוויי ייִדן."

„אויב אַזוי, טיק פֿאָרט געזונטערהייט!"

„אַ דאַנק, און זייט געזונט!"

מיר האָבן זיך איינגעשיפֿט און זיינען אַוועקגעפֿאָרן.

„כ'האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן;

טראָג מיך, ים, צו מוטערס שויס!"

„פֿאַרוואָס עפּעס אַזוי ווייניק פּאַסאַזשירן?"

„איצטער איז נישט די סעזאָן."

„זומער נישט די סעזאָן?"

„איר האָט געפֿרעגט אַ פֿראַגע און געקראָגן אַן ענטפֿער, וואָס פֿרעגט איר ווייטער?"

זיי האָבן נישט געוואָלט ענטפֿערן, אַז די געשעענישן

אין ארץ־ישראל האָבן שטאַרק פאַרקלענערט דעם פאַרקער. זיי האָבן נישט געוואָלט דערציילן, אַז נאָך מער ווי די נייעס אין די צייטונגען, האָט אַ שטילע שרעק־אָנוואַרפעניש אָפּגעהאַלטן מענטשן פון צו פאָרן נאָך ארץ־ישראל. ווער איז געווען דער יענקי, וואָס האָט אונז דערציילט דעם ליגן וועגן דעם באַפעל פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג און נאָך באַקרעפטיקט אים מיט אַ מעשה שהיה? אַ זייער באַרימטע רייזע־אַגענטור האָט דער־ציילט אירע יידישע קליענטן, אַז אין תל אביב זיינען נישטאָ קיין האָטעלן. זיי וועלן דאַרפן איינשטיין אין יפו, און עס איז גלייכער, זיי זאָלן נישט פאָרן.

„פאַרוואָס האָט די שיפצייטונג גאָר קיין נייעס נישט פון ארץ־ישראל?"

„זי קריגט נישט, האָט זי נישט."

„איז דאָרטן שטיל געוואָרן? איז קיין נייעס גאָר נישטאָ?"

„איר האָט געפרעגט אַ פראַגע? געקראָגן אַן ענטפער? וואָס נאָך?"

דער אמתער ענטפער האָט זיך געדרייט פאַר די אויגן. אויפן שיף זיינען אויך געווען אַראַבער. פאָרזיכטיקייט האָט דיקטירט, אַז מען זאָל בעסער נישט דערמאָנען די בלוטיקע גע־שעענישן אין פאַלעסטינע. זעט נאָר, ווי די אַראַבער קוקן אָן די יידן! אַ קעלט גייט דורך...

קוים אַ מנין געווען אויף דער שיף. אַלע ארץ־ישראלדיקע, וואָס זיינען געפאָרן אַהיים. אין קיינעם איז קיין מורא נישט געווען, אָבער אין אַלעמען אַ הונגער נאָך נייס. זיינען זיי גע־זעסן און האָבן איבערגעחזרט צווישן זיך אַלטע נייעס, וואָס עס איז געווען און וואָס האָט געדאַרפט זיין. אַן עלטערער מאַן, אַן אַלטער תושב אין ארץ־ישראל, גאָר פון די ערשטע קאָלאָ־ניסטן, האָט כסדר געבייזערט זיך אויף די ציוניסטישע פירער. זיי זיינען שולדיק אין אַלץ. זיי זיינען שלעכטע פּאָליטיקער, פאַרשטייען גאָר נישט. עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט דעם צורר, דעם מופטי, געקאָנט אָפּקויפן. ער איז געשטאַנען ממש מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. אָבער די פירער זיינען געווען צר־קורצזיכטיק. אָדער האָבן נישט געוואָלט זען. די

שיינע פּאָליטיקער, די קלוגע קעפּ! און מיינט איר, אַז מען האָט זיי נישט געזאָגט? ער אַליין האָט זיי געזאָגט. „זיין האַנט וואָרט, לייגט וואָס אַריין אין איר!" אָבער רייד צו זיי און רייד צו דער וואַנט... זיי זיינען דאָך די חכמים! און איצטער וועט מען צאָלן און צאָלן... מיט בלוט און מיט שרפות און מיט אַלערליי פּורעניות וועט מען צאָלן...

אַ יונגער בחור, וועלכער האָט צוויי יאָר שטודירט אין אויסלאַנד און איז איצטער געפאָרן צוריק צו לעבן און צו אַרבעטן אין לאַנד, האָט אים איינמאָל פאַרעכטלעך איבערגעריסן:

„איז נישט אונטערקויפן גלות־פּאָליטיק?"

„און אַז גלות־פּאָליטיק איז וואָס?" האָט דער אַלטער אויסגעשריען. „זאָל זיין גלות־פּאָליטיק! אַבי שלום און רו!"

„און שלום און רו וואָלטן געוואָרן אַ מסחר!" האָט דער יונגער געזאָגט, פול מיט פאַראַכטונג. „מיר ווילן שלום און רו, ווייל מיר פאַרדינען עס, ווייל מיר ברענגען עס. מיר וועלן זיך נישט קויפן שלום און רו, מיר וועלן זיך פאַרשאַפן שלום און רו! מיר וועלן זיך עס פאַרשאַפן דורך אַרבעט און שרעקלאַזיקייט, דורך מוט און געדולד."

ווי קרעפטיק ער האָט עס אַרויסגעזאָגט! די קרעפטיקע שטים פון דעם ישוב, דער שטאַרקער ווילן און די פעסטע אַנטשלאָסנקייט, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אין די ערשטע צען מינוט אויף דער ארץ־ישראלדיקער ערד, אין חיפה.

„שלום עליכם, חברים! וואָס הערט זיך?"

„מען שיסט, מען וואַרפט באָמבעס..."

„אַ סך קרבנות?"

„מיר האָבן שוין עטלעכע און דרייסיק טויטע."

„וואָס טוט דער ישוב?"

„באַגראָבט די טויטע. היילט די פאַרוואונדעטע. אַרבעט. בויט. האַנדלט."

„ווי איז עס מיט די זעלבסט־שוץ־אינצידענטן בעדואינער, וואָס שטייען גרייט אַריבערצוגיין דעם ירדן...?"

„איר ווייסט בלויז פון זעקציקטויזנט, מיר ווייסן פון הונדערטטויזנט."

„איז נו?!"

„איר זעט דאָך, מיר זיינען נישט דערשראָקן."

„איר גלויבט נישט?"

„ערשטנס גלויבן מיר נישט. צווייטנס — צולויפן זיך וועלן מיר נישט. זיי וועלן קומען, וועלן מיר זיי מקבל פנים זיין..."

„געבענטשט זאָלט איר זיין אין אייער מוט!"

„און איר געבענטשט פאַר אייער קומען צו אונז אין די איצטיקע טעג! דערפאַר וועלן מיר אייך א ביסל מער אַפּהיטן..."

„ווי פאָרן מיר נאָך תל אביב?"

„מיט דער באַן."

פאַר פיר יאָרן זיינען מיר געפאָרן מיט אַן אויטאָמאָביל, כאָטש דער וועג איז א זייער שלעכטער געווען און גאָרנישט קיין זיכערער. אָבער די אייזנבאַן־וואַגאָנען זיינען שרעקלעך אומאַנגענעמע. זיי זיינען געבויט געוואָרן פאַר פּאַסאַזשירן, וועלכע מען האַלט נאָך נישט פאַר פולע מענטשן. איז שוין בעסער געווען צו נעמען אויף זיך די צוטרייסלעניש און דעם ריסק פון א שלעכטן וועג. לכל הפחות אָטעמען פרישע לופט!

לעצטן זומער האָט אויפגעהערט דער אויטאָמאָביל־פאַרקער צווישן חיפה און תל אביב. דער שלעכטער וועג פירט דורך נאָך ערגערע אַראַבישע דערפער און שטעטלעך, דורך טול כרם, דורך קילקיליה... עס וואָלט געווען פאַר א יידן זעלבסטמאָרד הרכצופאָרן זיי.

אויך די באַן איז א לאַנגע צייט נישט זיכער געווען. דער עיקר ביי די אָנגערופענע סטאַנציעס. מען האָט געמוזט פאַרנרעסערן די צאָל פון די וואַך־סאָלדאַטן, און די יידן זיינען נישט געפאָרן מיט איר ביז תל אביב. זיי האָבן זי פאַרלאָזן אויף דער סטאַנציע ראש־אל־עין, דאָרטן גענומען דעם באָס ביז תל אביב.

גיב אונז, גאָט, ענגלישע סאָלדאַטן אין אונזער קופע אָדער יידישע שכנים! מיר האָבן נישט מורא פאַר אַראַבישע פּאַסאַזשירן. דו ווייסט עס דאָך! אָבער וואָס דאַרפן מיר קוקן אין בייזע אויגן, וואָס שטעכן דורך ווי קינזשאַלן?

גאָט האָט אונזער תּפֿילה נישט דערהערט. אין אונזער קופּע זיינען נישט געווען נישט קיין ענגלישע סאָלדאַטן און נישט קיין יידישע פּאַסאַזשירן, נאָר דווקא אַ פּאָר אַראַבער, אין אייראָפּעאישע קליידונג, דזשענטלליים. גוט פּאָר נאָז און אויגן. אָבער שׂנאה האָט באַדריקט די לופּט. קרומע בליקן, ביייז־קייט אַרום די ליפּן. זיי האָבן זיך געווים געוואונדערט, וואָס זיי זעען טוריסטן. דער טאָן פֿון זייער שפּראַך און די בליקן, וועלכע זיי האָבן אונז צוגעוואָרפֿן בשעת מעשׂה, זיינען געווען ניפּט און האַס. ענדלעך האָבן זיי נישט אויסגעהאַלטן, נישט געקאָנט אונז מער פּאַרטראָגן און זיינען אַוועק אין אַן אַנדער אָפּטיילונג. מיר האָבן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. מיר זיינען געווען רואיק און נישט נערוועז די גאַנצע צייט. איצטער איז אַריינגעקומען צו אונז אַן ענגלישער סאָלדאַט. אַ יונגינקער, בלוט און מילך. העל־בלאָנד און שיין. די ביקס אויפֿגעהאַנגען אויף זיין אַקסל.

וואָס האָסטו וואָס צו זאָגן, שומר פֿון לאַנד? מיט וועמען האַלטסטו? אויף וועמעס זייט ביזטו? האָסטו אויפֿגעכאַפּט, וואָס דאָ קומט פֿאָר? ווייסטו, אַז אַ פֿאָלק, וואָס האָט צופֿיל היים, פֿאַרגינט אונז נישט כאָטש אַ ביסל היים?

ער האָט אונז דערציילט וועגן ענגלאַנד, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן, וועגן עגיפּטן, וואו זיין פֿאָלק איז געשטאַנען, איידער ער איז אָפּגעקאָמאַנדירט געוואָרן נאָך ארץ ישׂראל, אָבער קיין וואָרט נישט געזאָגט וועגן די געשעענישן אין ארץ־ישׂראל. וויל ער נישט ריידן? אָדער איז ער אַ זייטיקער, וואָס אינטערעסירט זיך נישט?

אויף סטאַנציע חדרה איז אַריינגעקומען אַ סאָלדאַט און האָט דערציילט אונזער באַגלייטער, אַז די נאַכט האָט מען געשאָסן אויף ענגלישע סאָלדאַטן. די גילזן פֿון די אויסגעשאָסענע קוילן טראָגן אַלע אַ דייטשן שטעמפּל. זיינען געמאַכט אין דייטשלאַנד.

„היטלערס האַנט," האָט געזאָגט אונזער באַגלייטער. „זיין האַנט איז אין דער גאַנצער בלוט־געשיכטע, וועלכע קומט דאָ פֿאָר."

ער האט אונז איבערראשט מיט זיין באמערקונג. און
באלד נאך מער.

מיר זיינען פארבייגעפארן די כדורי־שולע ביי טול כרם.
מיר האבן געוואוסט איר געשיכטע. זי איז געבויט געווארן אויפן
געלט פון דעם יידישן מיליאנער כדורי, וועלכער האט אפגע-
שריבן אין זיין צוואה א גרויסע סומע אויף אגריקולטור־שולן
אין ארץ־ישראל. ער האט אבער נישט אריינגעשריבן, פאר ווע־
מען די שולן זאלן געבויט ווערן. האט די רעגירונג געפסקנט,
אז ער האט געמיינט די אראבישע באפעלקערונג אויך, און
דערפאר האט זי די ערשטע שולע אויסגעבויט פאר די אראבער...
אונזער באגלייטער האט נישט געוואוסט, אז מיר ווייסן,
און דערציילט אונז:

„אן אראבישע אגריקולטור־שולע, געבויט מיט יידישן געלט.
אבער די אראבישע סטודענטן פון דער שולע זיינען די ערג־
סטע רעדלפירער קעגן די יידן. די בלוטדורשטיקסטע. דאס איז
זייער דאנק צו די יידן.״

דער ענגלישער סאלדאט האט אונז געגעבן דעם ענטפער,
וועלכן מיר האבן געזוכט... דאס איז דאך דער אמת וועגן ארץ־
ישראל! איצטער האבן מיר געוואלט וויסן, וויפל דענקען אזוי
ווי ער, אבער —

ראש־אל־עין. אלע יידן זיינען ארויסגעשטיגן. דער פיינער
שאסיי צו תל־אביב ציט זיך אינגאנצן דורך יידישן ישוב.
לויפט דורך פתח תקוה און רמת גן. פארביי כפר סבא און
גבעת השלושה. עס איז געווארן אזוי היימיש, געווארן אזוי
פרייליך... יידישע פרדסים, יידישע פעלדער, יידישע דורכפא־
רער און דורכגייער, יידישע הארעפאשניקעס אויף ביידע זייטן
פון וועג... רואיקע, זיכערע, פארטאנענע אין זייער ארבעט.
שלום, איר אומדערשראקענע בויער פון דער יידישער היים!
זייט געגריסט, איר ווילנשטארקע, מוטיקע! זייט אונז גע־
גריסט!

## .2

# תל אביב

פיר יאָר זי נישט געזען און געבענקט נאָך איר. געבענקט נאָך דעם גערויש און באַוועגונג אין איר, נאָך דעם יידישן זעלבסטבאַוואוסטזיין אין איר, נאָך דער גאולה אין איר...

„זיי מיר געגריסט, אָ, תל אביב, דו גאולה־שטאָט! דו אויפקום־שטאָט! שטאָט פון יידישער זיכערקייט און פעסט־קייט! ווי פריי איך זיך, וואָס איך בין ביי דיר ווידער! איך קוק און קוק, און מיינע אויגן קאָנען זיך נישט אָנזעטיקן!...”

ווי גרויס זי איז געוואָרן, ווי פונאַנדערגעוואַקסן! אַ בוים, וואָס זיינע צווייגן האָבן זיך פאַרמערט און פאַרגרעסערט, און זיין שפּיץ האָט זיך אויפגעהויבן צו נייער הויך.

מיט פיר יאָר צוריק איז דער שפּיץ, דער צפון פון תל אביב, פאַרלאָפן זיך אין זאַמד, אין דעם אַלטן זאַמד פון דורות, אויף וועלכן די וואונדערשטאָט האָט זיך אויפגעבויט. אין דעם זאַמד, וואָס ווינטן האָבן אָנגעטראָגן פון ים הונדערטער מיט יאָרן און צולייגט אים ווייט און ברייט. אין דעם דרום־טייל פון תל־אביב איז דער זאַמד שוין לאַנג געוואָרן אַ לעגענדע: נאָר דאָ און דאָרט דערציילט ער דעם אָנהייב פון דער שטאָט. אָבער דער צפון־טייל איז נאָך פאַר פיר יאָרן געווען טויטער זאַמד, פון וועלכן עס האָט זיך אין איין אָרט, האַרט ביים ים, אַרויסגעהויבן אַ קליין לעבעדיק בערגל מיט גראָז און בוימ־לעך, אַז אַפּפרישונג פאַרן אויג, ווען די אַראַבער וואָלטן נישט

ארויפגערוקט אויף אים א בית־עולם. פאר פיר יאָרן איז דער דאָזיקער בית־עולם געלעגן אויסערן שטאָט. עס איז געווען נישט לייכט צו ד'ערגיין צו אים אין דעם שווערן זאמד. איצ־טער איז ער א שטיק ווילד פלייש אין דעם לעבעדיקן קער־פער פון דער שטאָט, א מכה אין איר זייט. פון אלע זייטן האָט זי אים ארומגערינגלט מיט לעבן, אוועקגעשפרייזט ווייט און ווייטער פון אים, צוגעדעקט דעם גאַנצן ארומיקן זאמד, איינגעפלאסטערט אים, גאסן דורכגעפירט, הייזער ארויפגע־שמעלט.

א פארקלענערטע קאַפּיע פון מאַנהעטן אינזל, אויף וועלכן ניו־יאָרק שטייט, האָב איך אָנגערופן תל אביב. אונטן, אין דרום, ברייט — א ברייטער פוס, ארויפגעשטעלט אויף דעם נאַקן פון יפו. ארויף, צום צפון, לאַנג און שמאָל, די מזרח־זייט באַגרעניצט מיט לאַנד, וואָס איז נאָך נישט תל־אביב, די מערב־זייט באַוואַשן מיט די כוואַליעס פון דעם גרויסן ים. און ווי מאַנהעטן ווערט אויך דער צפון־שפּיץ פון תל אביב באַזוימט פון א טייך. פון דעם ירקון (יאַרקאָן) טייך, וואָס האָט דאָ אין שטילער זאַמדיקער איינזאַמקייט אריינגע־גאָסן זיין גרין וואַסער אין דעם בלויען ים אריין. פאַר פיר יאָרן נאָך איז זיין איינזאַמקייט דאָ געווען כמעט אומגע־שטערט. ווען נישט ווען האָט א שיפער זיך דורכגעשיפט, פון צייט צו צייט האָבן פישער דאָ פאַרוואָרפן זייערע נעצן אין גרויסער שטילקייט. ווי לעבעדיק גייט עס איצטער צו אַרום אים! די שטאָט האָט זיך ארויפגערוקט ביז צום רעכטן ברעג אַרומראַמלענדיק אים מיט אַ גאַס, וואָס הייסט בני דן — געווים אַ נאָמען נאָך די קינדער פון שבט דן, פון וועלכע עס ווערט דערציילט אין דעם שופטים־בוך, אַז עס איז זיי פאַר־זיכערט געוואָרן, אַז זיי וועלן מצליח זיין אויף דעם וועג, אויף וועלכן זיי גייען. צו דער דאָזיקער גאַס האָבן זיך צוגע־טוליעט אַלע די גאַסן, וועלכע טראָגן אויף זיך די נעמען פון נביאים. פון אונטן רעכטס קומט ארויף די ישעיה־גאַס, און פון אונטן לינקס די ירמיהו־גאַס; ביידע טרעפן זיך צוזאַמען ביי דער בני דן־גאַס און צייגן דעם וועג אַריבער דעם טייך

און ווייטער. און הינטער זיי און ביי די זייטן: עמוס, מיכה, הושע, יחזקאל און אַלע אַנדערע. עס ווערט פריילעך, ווען מען באַטראַכט די גאַסן, וואָס טראָגן אויף זיך די נעמען פון די אומשטערבלעכע אָנזאָגער פון אַ נייעם טאָג. עס איז גלויבן און זיכערקייט אין די טריט: דער נייער טאָג קומט אָן!

דאָס זיינען נייע טריט, וואָס פירן שטאָלץ און מוטיק צו דער דערבייאיקער תערוכה, צום אויסשטעלונג־פּלאַץ מיט זיינע גרויסע געביידעס, וואו מאַסן־פּאַרזאַמלונגען ווערן אָפּ־געהאַלטן און קאָנצערטן ווערן אָפּגעגעבן, און עס קומט פאַר דער גרויסער יריד, דער מזרח־יריד, זאַמלפּלאַץ פאַר סוחרים פון דער גאַנצער וועלט. קרעפטיקער ווערן די טריט, ווייל מיר דערנענטערן זיך צום סטאַדיאָן. נישט ווייט פון דאָרטן, וואו דער ירקון פאַלט־אריין אין ים. דער פּלאַץ, וואו די יוגנט לעבט זיך אויס אין שפּיל און ספּאָרט, אין פרייד פון קראַפט און גע־שיקלעכקייט, אין באַוואוסטזיין פון נויטיקער דינסטבאַרקייט.

באַגייסטערטער ווערן די טריט, זיי פאַרוואַנדלען זיך אין ענטוזיאַסטישע שפּרינג, ווייל מיר קומען־צו צו דער גרעסטער געשעעניש פון די טעג, צום וואונדער, צום נייעם פּאָרט... אין אָנהייב נאָך, נישט פיל צו זען. אָבער דאָ וועט זיין אַ פּאָרט. דער ישוב וועט זיין האַנט נישט אָפּלאָזן. די ענערגיע און עקשנות, וועלכע האָבן אויפגעבויט תל־אביב, האַמערן אויך דאָ. מיר הערן געננוי די קלעפּ, קלעפּ פון אַנטשלוס און באַשטימט־קייט. יעדער קלאַפּ זאָגט: ער וועט זיין! אַ יידישער פּאָרט, וואָס וועט פאַרבינדן תל אביב מיט דער גאַנצער וועלט און מאַכן זי און דעם ישוב אומאָפּהענגיק פון דער אַראַבישער יפו!...

אַ קלאָטקע, אַריינגעבויט אין ים אַריין איבער ברעכנ־דיקע כוואַליעס, אַ לאָדונגס־פּלאַץ נישט נאָך זייער לאַנג און נישט נאָך זייער ברייט. יידישע אַרבעטער האָבן דאָ אויפגע־נומען ־עם קאַמף מיט די כוואַליעס, יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן די אַרבעט נאָך קיינמאָל נישט געטאָן. זיי זיינען דאָס די האַפנבויער, און זיי זיינען די שיפער, וואָס לאָזן זיך אַרויס ווייט אין ים אויף קליינע שיפלעך צו באַגעגענען די גרויסע

שיפן, וואָס ברענגען זייערע סחורות פון לענדער אויף יענער זייט ים און נעמען אוועק די סחורות, וואָס ארץ־ישראל שיקט ארויס. און זיי זיינען דאָס די טרעגער פון שווערע, אָפט זייער שווערע זעק און קאַסטנס ארויף די שיפן און אראָפּ די שיפן ווייט אין ים אויף אומרואיקע כוואַליעס. פונוואַנען קומט עס צו זיי? ווי קאָנען זיי עס? וואו נעמען זיי דעם כוח? ווי האָט דער ים פאַר זיי זיין שרעק פאַרלאָרן? ווער האָט זיי דאָס אַלץ אויסגעלערנט?

דאָס איז דער פאַלקסווילן אין זיי, וועלכער טוט אויף די וואונדער. דער פ אַ ל ק ס מ ו ז איז זייער רבי, זייער כוח, זייער שרעקלאָזיקייט. דאָס איז דער סוד פון דעם וואונדער־לעכן, אָפט נעמיין באַליידיקטן כ י ב ו ש ע ב ו ד ה. איינ־נעמען יעדע ארבעט, ווי שווער און געפערלעך זי זאָל נישט זיין. איינגעמען זי און איינגעמען זיך אַליין פאַר איר. באַצווינגען זי און באַצווינגען ז י ך צו טאָן זי. יידישע מענטשן, וועלכע זיינען קיינמאָל קיין ארבעטער נישט געוועזן, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין שום ארבעט נישט געטאָן, האָבן דאָס אויף זיך ארויפגעלייגט, און דאָס אוממעגלעכסטע איז פאַר זיי מעגלעך געוואָרן.

לאַנג האָט דער ישוב ארויסגעקוקט אויף אַן אייגענעם פּאָרט, געחלומט פון אים, אָן אַן אויפהער געפאָדערט אים פון דער טויבער רעגירונג. און אָט ווערט ער געבויט! פון יידישע הענט, אויף יידישן געלט, מיט נאָר איין פאָדערונג: די אומ־פריינטלעכע רעגירונג זאָל זיך נישט שטעלן אין וועג.

מזל טוב דיר, תל אביב, צו דיין גרעסטן וואונדער, דעם יידישן פּאָרט! אָבער אויך אַלע דיינע אַנדערע דער־גרייכונגען און אויפטואונגען זיינען גרויס און וואונדערלעך, טאָרן נישט פאַרטונקלט ווערן.

גלייך ביים ארייננאַנג צו דער תערוכה הויבט זיך אָן די גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דעם עלטסטן בויער פון תל אביב, מאיר דיזענגאָף. אַ נייע גאַס, פאַר פיר יאָרן נישט געוועזן, און איינע פון די לענגסטע און ברייטסטע. ציט זיך ווייט נאָך דרום אויף דער מזרח־זייט פון דער וואונ־

דער־שטאָט. איז גוט אַזוי צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער נייער און ברייטער גאַס און אויפרייסן די אויגן אויף אַלע נייאיקייטן, אויף דעם מערקווירדיק־שנעלן וואוקס און אַנט־וויקלונג.

דורכגעשניטן די ירמיהו־גאַס, די מאַקס נאָרדאַו־גאַס, די אַרלאָזאָראָוו־גאַס און נאָך און נאָך, און אָט זיינען זיי די גאַסן, וואו פאַר פיר יאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן איינצובויען די אַרבעטער און זייערע פירער. עס שטאָט געוועזן, און שווער געוועזן דער גאַנג אין טיפן זאַמד. ברעטער זיינען געווען אויסגעלייגט, און פון ברעט צו ברעט איז מען גע־שפּרונגען. איצטער זיינען זיי כמעט מיטשטאָט, און לייכט גייט זיך איבער זייער אַספאַלט.

ערגעץ אין זייער שכנות, ווייטער צום מזרח, ביי דער גרענעץ פון אַן אַראַבישן דאָרף, איז געלעגן די אַרבעטערינס־ווירטשאַפט, דער משק הפּועלות פון חנה טשיזשיק. פונ־ווייטנס האָט מען אים שוין געקאָנט באַמערקן מיט דעם גרויסן רייך באַקרוינטן בוים פאַרן אַריינפאָר. געלעגן אַזוי אָפן און פריי, אַז אָאַזיס אין אַ זאַמד־מדבר. וואו איז ער איצטער? פאַרוואָס וואַרפט ער זיך נישט אין די אויגן?

אָ, אַרומגעבויט איז ער, פאַרשטעלט מיט נייע הייזער. שיר טאַקע איז ער נישט אָפּגעמעקט געוואָרן אינגאַנצן. תל אביב איז זיך פונאַנדערגעלאָפן, געוואָלט פאַרנעמען זיינע צוואַנציק דונאַם, צושניידן זיי אין גאַסן און בוי־פּלעצער, אָנ־געבאָטן אַ גרויסן פּרייז, אָבער חנה טשיזשיק האָט זיך איינ־געשפּאַרט. ניין און ניין. נאָר איבער איר טויטן קערפּער וועט תל אביב אַריבערשפּרייזן. זי וועט נישט לאָזן פאַרקויפן דעם משק פאַר קיין שום פּרייז. נישט. און זי האָט אויסגעפירט. דער משק איז געבליבן. און גוט, וואָס ער איז געבליבן.

ווי פיין ער האָט זיך אַנטוויקלט! פאַרבעסערט געוואָרן, פאַראַרבעטער געוואָרן. זיין גאָרטן באַזאָרגט איצטער די אָנ־געוואַקסענע שכנותשאַפט מיט גרינס, זיינע הינערשטייגן — מיט עופות און אייער, זיינע בהמות — מיט מילך. זיינע בלומען־בייטן ברענגען־אַרויס צוויי־און־פערציק מינים בלומען,

וואָס באַשײנען די שבתים אין די דירות פון דער גאַנצער געגנט. די איינקונפט פון דעם משק וועט באַלד אָניאָגן דעם גרויסן פּראָפיט, וועלכן ער וואָלט געמאַכט, ווען ער וואָלט פאַרקויפט געוואָרן. אַ גרויס ניי הויז ווערט געבויט פאַר דער פאַרגרעסערטער צאָל חלוצות, וועלכע גרייטן זיך דאָ צו צו זעלבסטשטענדיקער אַרבעט אין קבוצה און מושב. און אומעטום די טריאומפירנדיקע, גליקלעך לאַכנדיקע, שיינענדיקע כאָטש שטענדיק פאַראַרבעטע חנה טשיזשיק.

מיט יאָרן צוריק פלעגט דער משק ליידן פון פאַרפלייצונגען. אַ שמאָל קליין וואַסערל גייט דאָ דורך צווישן אים און דעם דערבייאיקן אַראַבישן דערפל, און אין דער רעגנצייט פלעגט עס אַריבערגיין איבער די ברעגן און פאַרטרינקען פעלד און גאָרטן, שטאַל און הויז. אַ פּאָר מאָל האָבן די מיידלעך מיט זייער פירערין געדאַרפט ראַטעווען זיך מיט זייער לעבן. ווי איז עס איצטער מיט דער פאַרפלייצונג?

אָ, געווען־געוועזן! דער ברעג איז איצטער אַזוי באַבויט, אַז דאָס וואַסער קאָן נישט אַריבערשטייגן.

אָבער ווי איז עס מיט די שכנים פון אַנטקעגן? זיי קאָנען אַזוי לייכט אַריבערשיסן, אונטערצינדן, אָנטאָן היזקות. האָט איר גאָר קיין מורא נישט?

„מורא? דאָס וואָרט שפּילט ביי אונז קיין ראָליע נישט. מיר טוען אונזער אַרבעט און גיבן אויך גוט אַכטונג, און וועלן אויך וויסן ווי צו באַשיצן זיך... וואָס קוקט איר אַזוי באַזאָרגט? וואָרט, באַלד וועט תל אביב אַריבערשפּרייזן דאָס קליינע וואַסערל, צוליייגן זיך מיט נייע גאַסן, ווערן ברייטער ווי לענגער, און דער משק וועט ליגן אַרומגערינגלט מיט יידישע גאַסן און הייזער. די שכנים פון יענעם אַנטקעגן געפעלט דאָס יידישע געלט, פאַרקויפן זיי צו ביסלעך שטיקער לאַנד, נעמען גרויסע פּרייזן, ווערן רייך. עס לוינט זיך זיי דער פאַרקויף. זיי וועלן רואיק פאַרלאָזן זייערע נעסטן. אפשר וועלן זיי אין דער לעצטער מינוט מאַכן אַן אָנשטעל פון חרטה און האַרצווייטיק; טאָמער וועלן די יידן צולייגן נאָך אַ פּאָר פונט... זיי פאַרשטייען זיך גוט אויף אַזעלכע אָנ־

שטעלן... מיר פארגינען זיי די איבעריקע פאר פונט, אבי מער ערד ווערט אויסגעלייזט... ווי גרויסארטיק וועט עס זיין, אז דא פאר אונז ווייט און ברייט אין דעם גאנצן שטח וועט זיך צושפרייטן תל אביב! א, תל אביב!"

מיר גייען ווייטער. אוועק פון דעם, וואס זי וועט נאך ווערן, צוריק צו דעם, וואס זי איז שוין געווארן.

אפגעגאנגען א שטיקל מהלך. שטיין געבליבן, ארומגע־קוקט זיך. מיר זיינען איצטער אין שכונת הבימה. דא זיינען אויפגעבויט געווארן שיינע הייזער מיט פראכטפולע דירות פאר די שוישפילער און שוישפילערינס פון דער „הבימה". שווער לעבט זיך נאך די שוישפילער אין דער נאציאנאלער היים. דער ישוב איז קליין, און טעאטערס זיינען עטלעכע, קאן ער זיי נאך נישט דערנערן בכבוד. אפילו די הבימה־מיטגלידער מוזן עסן ברויט מיט א מאס, און פארזיכטיק זיין מיט די ברעקלעך, זיי זאלן נישט אראפפאלן פון טיש. אבער זייערע דירות זיינען פול מיט לופט און ליכט און אלערליי באקוועמלעכקייטן, און זיינען זייער אייגנטום. ווי גוט עס פארגעסט זיך דא צומאל די העסלעכע נויט...

אין ווייטער אראפ מיט דער דיזענגאף־גאס. כמעט ביי איר סוף, אדער ריכטיקער, אנהייב, שניידן מיר דורך א גאס, קומען צו צו בן ציון עווניו. אויף דעם צפון־מזרח ווינקל ווערט צוגעגרייט דער פונדאמענט פאר א ריזיקער געביידע. נעם אראפ דיין היטל, פרעמדער פארבייגייער! א קונסט־טעמפל ווערט דא אויפגעבויט, א טעאטער פאר דער „הבימה"! ווי וואונדערלעך ווערט צומוט! די אראבער טוען אלץ, וואס זיי קאנען, צו פארשפרייטן שרעק און מוראות, צו פארגרע־סערן אומרו און אומזיכערקייט, צו פארמערן טרויער און עלנט, אבער די יידן בויען אין גרויסער רואיקייט א טעמפל פאר זייער טעאטער־קונסט... וואס פאר א גרויסער גלויבן אין די אייגענע כוחות! וואס פאר א זיכערקייט אין דעם מארגן!

די געביידע באוועגט זיך לאנגזאם. עס פעלן נאך די מיטלען. דער ישוב דארף אפרייסן פון ביסן און בויען דעם טעאטער. ער וועט אבער אפרייסן פון ביסן און בויען נאך

אַ טעאַטער. פאַר דעם „אהל“. פאַר דעם קינסטלער־קאָלעקטיוו, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער אַרבעטערשאַפט און אויפגעהויבן זיך צו גרויסע דערגרייכונגען אין דער טעאַטערקונסט. עס פונקציאָנירט שוין אַן אַרבעטער־געזעלשאַפט „למען האהל“ — פאַר דעם אהל. די אַרבעטערשאַפט פון תל אביב וועט שוין פריער אָדער שפּעטער באַזאָרגן אַ היים פאַר איר „אהל“. זיי זיינען גוטע בויער פון אייגענע אינסטיטוציעס, די אַרבעטער פון תל־אביב. פּראַכט־געביידעס איינס אין איינס האָבן זיי אויפגעשטעלט פאַר אייגענעם געברויך. דאָס גרויסע הויז פון דעם ועד הפועל, וואו די הסתדרות האָט אירע ביוראָס און דער „דבר“ זיין רעדאַקציע און דרוקעריי; דער „בית ברענער“ — דאָס אַרבעטער־קולטור־הויז און די פאָלקס־קיך; דאָס „הפועל“־הויז — אַן אַרבעטער־גימנאַזיע, אַ פּלאַץ פאַר ספּאָרט און שפּיל; די אַרבעטער־באַנק; די קופּת חולים; דאָס ערלאָזאָראָוו־הויז, וואָס איז געווען אַ הויז פאַר פאַרזאַמלונגען און איז איצטער אַ היים פאַר אַנטלאָפענע פון די פּאָגראָמען אין יפו; דער בית־הפועלים, דאָס געווערקשאַפטן־הויז און נאָך און נאָך.

זיי פאַרשעמען דיך נישט, דיינע אַרבעטער, אָ, תל־אביב, כאָטש דו באַהאַנדלסט זיי נאָך אַלץ ווי בירגער פון אַ צווייטן קלאַס און פאַרשמעלערסט זייער וואַל־רעכט. דיינע פּגימות פון פאַר פיר יאָרן זיינען נישט קלענער געוואָרן, און עס זיינען צוגעקומען נאָך און נייע.

די קרעמעריי, די פאַרקראַם־פעסטונג האָט זיך נאַטירלעך שטאַרק פאַרגרעסערט מיט דער פאַרדרייפאַכונג פון דער באַפעלקערונג. אָבער מיט דער פאַרמערונג פון קאַפעס און טייהייזער איז אַריינגעטראָטן עפּעס פרעמדס. עס שמעקט מיט ווין און פּאַריז. קליין־ווין, קליין־פּאַריז, דאָס טאָרן דיינע מיטלען נישט ווערן, תל אביב!

ווייסט, פאַר פיר יאָרן האָב איך באַזונגען דיין וואונדערלעכע יוגנט. „דיינע בחורים אין קורצע הויזלעך און האַלבע אַרבל און דיינע מיידלעך, וואָס פּוצן זיך אַזוי ווייניק און פאַרבן זיך נאָך ווייניקער און זיינען דאָך מלא חן...“ אַך,

דיינע מיידלעך זיינען נאָך מלא חן, אָבער שוין מיט דער הילף פון פאַרב און שמינקע...

און עס האָט זיך אַוועקגעלייגט אַ פלעק אויף דיר, אַ העסלעכער בלוט־פלעק, דער אומבאַשטראָפטער פאַררעטער־מאָרד פון חיים אַרלאָזאָראָוו, דעם נישט־צו־פאַרבייטנדיקן, טרויעריק־פעלנדיקן פירער. נישט אומזיסט האָט זיך אָפּגעטאָן דער טאַנץ פון דיינע גאַסן, דער האָרא־טאַנץ, דער טאַנץ פון אייניקייט און געשלאָסנקייט...

אָבער דאָך — אויפקום־שטאָט! קוואַל פון קראַפט און זיכערקייט, אויסדרוק פון פולער אויסגעלייזטקייט, דאָך — וואונדער־שטאָט! דאָך — תל אביב!

## 3.

# ירושלים

די אייזנבאַן־פאַרבינדונג צווישן תל אביב און ירושלים איז נישט קיין דירעקטע. מען מוז אומשטייגן אין לוד, עטלעכע מינוט פאַר תל־אביב. אַזוי וויל די אומדערקלערלעכקייט פון דער רעגירונג. די גרעסטע באַדייטנדיקסטע שטאָט פון לאַנד דאַרף נישט האָבן קיין דירעקטע פאַרבינדונג מיט די אַנדערע צוויי גרויסע שטעט, ירושלים און חיפה. די פּאַסאַ־זשירן פון דער פאַרקערררייכסטער שטאָט מעגן זיך מטריח זיין און אויסשטיין אומבאַקוועמלעכקייטן און אומשטייגן און בייטן דעם צוג אַ סטאַנציע פאַר זייער ציל.

דאָס אַראַבישע דערפל לוד איז די צענטראַלע. דאָ טרעפן זיך צוזאַמען די ליניען ירושלים, חיפה און קאַנטאַראַ. דאָ מוז מען זיך איבערזעצן פון צוג אין צוג. עטלעכע מינוטן פאַר תל אביב.

אָבער לוד איז געוואָרן אַ נעסט פאַר באַנדיטן און מער־דער. דער אומשטייג איז געוואָרן לעבנסגעפערלעך. יידן האָבן אויפגעהערט צו געברויכן די אייזנבאַן נאָך ירושלים.

דאָך אויך דער כביש, דער גוטער אויטאָמאָביל־וועג צווישן תל אביב און ירושלים, גייט דורך אַראַבישע דערפער און איז געוואָרן געפערלעך. די רייזע נעמט בלויז אַ שעה צייט, אָבער קיין איין מינוט אירע איז נישט פריי גע־וועזן פון געפאַר. דער עיקר נאָך, וואו דער כביש הויבט אָן

אַרויפצוקלעטערן צו ירושלים דורך שמאָלע דורכגענג אין די יהודה־בערג, דאָרטן האָט געקאָנט טרעפן אַ קויל, און מען וואָלט אפילו נישט געוואוסט, פונוואַנען זי איז געקומען. יע־דער פעלז און יעדער בוים און יעדער וועג־פּאַרקער האָט באַ־האַלטן הינטער זיך סכנה.

נאָר דער פּאַרקער, דער יידישער פּאַרקער האָט נישט גע־טאָרט אָפּגעשטעלט ווערן. די אייזנבאַן איז אַבסאָלוט אומ־מעגלעך, דער כביש מוז זיין מעגלעך. דער פּאַרקער מיט אויטאָ־בוסן און אויטאָמאָבילן זאָל אָנגעהאַלטן ווערן! און איז אָנ־געהאַלטן געוואָרן. נישט איבערגעריסן געוואָרן נישט אויף אַ טאָג. שאַרפשפּיציקע טשוועקעס זיינען אָנגעשאָטן געוואָרן אויפן וועג, שטיינער זיינען געוואָרפן געוואָרן, קוילן זיינען גע־פלויגן — דער פּאַרקער איז נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. ווען עס איז געוואָרן זייער געפערלעך, זיינען די באַסעס געפאָרן אונטער באַגלייטונג פון באַוואָפנטע סאָלדאַטן, אָבער די אויי־טאָמאָבילן האָבן זיך געטראָגן אָן שומר און שוץ, אויף אייגע־נער אחריות.

דער שאָפער, דער נהג (נאַהאַג) — ווי קלינגט גוט דאָס וואָרט נ ה ג! עס איז עפּעס פון העזה אין דעם קלאַנג, און מוט, און ענערגיע — ער איז געוואָרן העלד. די אַראַבישע שיסער האָבן געצילט אין אים. ווען די קויל אים טרעפן, איז ווי צו זיינע פּאַסאַזשירן. די נאַהאַגים האָבן גוט געוואוסט, אַז זיי זיינען צילברעט פאַר די מערדערישע קוילן, אָבער דער יידישער פּאַרקער האָט נישט געטאָרט אָפּגעשטעלט ווערן און זיי האָבן זיך מקריב געווען.

„איר ווילט פאָרן נאָך ירושלים? מיט פאַרגעניגן. מיר וועלן אייך נעמען. דאָס וועט אייך נישט טייערער קאָסטן, ווי פאַר די בלוטיקע געשעענישן. מיר האַלטן־אָן דעם פּאַר־קער און שטעלן איין דאָס לעבן נישט צוליב באַרייכערן זיך. איר וועט אונז צאָלן דעם געוויינלעכן פּרייז, נאָר פאָרט. נאָר לאָזט זיך נישט אָפּשרעקן. לאָמיר באַווייזן די אַראַבער, אַז עס איז נישטאָ קיין מורא אין אונז...”

פיר זיינען מיר געווען אין אויטאָמאָביל — מיין פרוי

און איך, חברה מאַריע סירקין און חבר האַרצפעלד — און מיט דעם נהג ביים ראָד האָבן מיר פאַרגעסן מורא צו האָבן. באַלד האָבן מיר איבערראַשט דעם וועג מיט פריילעכע האָראַ־ניגונים, און מיט געזאַנג זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין ירושלים.

שלום, ירושלים! רו און זיכערקייט צו אַלע, וואָס ליבן דיך!

אָבער עס איז נישט געווען קיין שלום אין ירושלים, און די, וואָס ליבן זי, האָבן נישט געהאַט קיין רו און קיין זיכערקייט. די שמאָלע און פינסטערע געסלעך פון אַלט־ירושלים זיינען מערהדער־נעסטן געוואָרן, און זיי צו באַזוכן אפילו אין מיטן העלן טאָג, האָט מען געדאַרפט איינשטעלן דאָס לעבן. די ברייטע ליכטיקע גאַסן פון ניי־ירושלים האָבן בייטאָג געראַשט מיט געשעפטיקן לעבן, אָבער מיט דעם אָנקום פון דער נאַכט זיינען זיי געווען ליידיק און טויט — קיינער איז נישט אַרויסגעגאַנגען און קיינער איז נישט אַריינגעקומען.

עס איז געווען „קוירפיו" אין ירושלים — פרי־שלאָפן־גיין, פרי איינשפאַרן זיך אין הויז, זיבן אַזייגער אין אָוונט האָט זיך נישט געטאָרט באַווייזן אַ פוס פון אַ מענטשן אויף די גאַסן פון ירושלים. נאַכט־אַרבעטער, דאָקטוירים, צייטונגס־מענטשן, באַאַמטע און גלאַטפריווילעגירטע מענטשן האָבן געדאַרפט אַרויסקריגן און אַרומטראָגן מיט זיך אַ פּאַס, אַ דערלויבעניש אויף דורכצוגיין די גאַסן נאָך זיבן אַזייגער אין אָוונט. די באַפעלקערונג האָט די דאָזיקע איינשפאַרעניש נישט געוואָלט און נישט געבעטן. זי האָט געוואָלט פאַרשטאַרקטע שמירה. אָבער די פּאָליציי האָט געוואָלט האָבן רואיקע נעכט, און זי האָט געררוט. מיר זיינען דריי נעכט אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון ירושלים מיט אַ דערלויבעניש אין קעשענע און קיין איין מאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט צו באַווייזן זי. קיינער האָט אונז נישט אָפּגעשטעלט. מיר האָבן אויך קיינעם נישט באַגעגנט, ווער עס זאָל אונז אָפּשטעלן. די פּאָליציי האָט גערוט. די אומצופרידענע איינוואוינער זיינען געזעסן אין זייערע דירות הינטער שלאָס און ריגל און אומרואיק צו־

געהערט זיך צום דרויסן. אַט־אַט וועט זיך דערהערן דער אויפ־
רייס פון אַ באָמבע, דער אויסשאָס פון אַ רעוואָלווער. זעלטן
איז אַריבער אַ נאַכט, די לופט זאָל נישט אויפגעטרייסלט ווערן
פון ווייטע און נאָנטע שיסערייען, און וויטיקדיק האָט אַרומ־
געפלאַטערט די פראַגע: וואו געשאָסן און וועמען געטראָפן?

טעלעפאָן איז אַ זעלטנהייט אין די דירות פון ירושלים,
ווי בכלל אין גאַנץ ארץ ישראל. עס קאָסט זייער טייער, און עס
איז אַ פאַרשלעפּטע קרענק, ביז מען קריגט אים אַריינגעשטעלט.
דאָס לעצטע געהערט צום קאַפּיטל „די אומפאַרשטענדלעכע קאַ־
פריזן פון דער ארץ ישראלדיקער רעגירונג". די רעגירונג איז די
באַלעבאָסטע אויף דעם טעלעפאָן. טעלעפאָן איז אַ גוטע הכנסה,
און דאָך איילט זי זיך נישט מיט אַריינשטעלן אים, ווען מען פאָ־
דערט אים. עס קאָנען אַריבערגיין לאַנגע חדשים, עס קאָנען
אויך אַריבערגיין יאָרן, ביז מען קריגט אים ביי איר אַרויס.
וואָס איז דער שכל דערפון? וועלכע פּאָליטיק שטעקט הינטער
דעם? וואָס וויל זי געווינען? וואָס וויל זי פאַרוואָרענען און
פאַרהיטן? אויף די פראַגן האָט נאָך קיינער פון איר קיין
ענטפער נישט געקראָגן. אפשר איז איר קלוגע פּאָליטישע כוונה,
אַז אויף וויפיל זי קאָן העלפן, זאָל זיך דער יידישער ישוב
נישט אויפהייבן איבער דעם אַראַבישן. דערפאַר אפשר גיט
זי נישט צושטייער אויף די יידישע לער־אַנשטאַלטן, העלפט
זי מיט גאָרנישט דער יידישער דערציאונג... העלפט זיך מיט
דערציאונג דער ישוב אַליין, אָבער מיט טעלעפאָן קאָן ער
זיך אַליין נישט העלפן. האָט ער זיך פון אים מייאש געווען.
יידן, וואָס וואָלטן זיך געקאָנט דערלויבן דעם פּרייז פון טע־
לעפאָן, דערלויבן זיך אָבער נישט די האַרצאויסעסעניש מיט
דער רעגירונג און זאָגן זיך בעסער אָפּ פון דער גרויסער באַ־
קוועמלעכקייט, וועלכע דער טעלעפאָן ברענגט אַריין אין הויז.

ווי גוט וואָלט געווען צו האָבן אין דער היים אַ טעלע־
פאָן אין אַזעלכע אומרואיקע טעג און נאָך אומרואיקערע נעכט.
אָט איז ערגעץ־וואו געשאָסן געוואָרן. אַן אומרו פאַלט אָן. עס
ווילט זיך וויסן וואו און ווער. מען וואָלט געטעלעפאָנירט, צו־
נויפגערעדט זיך, אויסגעפונען. עס וואָלט אַראָפּ אַ זאָרג פון

קאָפּ. אָבער איצטער מוז מען גיין מיט דער זאָרג אין בעט אריין, און דער שלאָף וועט נישט אזוי שנעל קומען... ווי זאָל מען נישט ווערן נערוועז און היסטעריש?

איינמאָל אין א נאַכט איז אויף איין גאַס אויסגעשאָסן געוואָרן, איין מאָל און א צווייט מאָל. און פּלוצלונג האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן א ווילדע שיסעריי. מען האָט געשאָסן פון פענסטער און פון דעכער, בלינד, ווילד, משוגע. די גאַס איז געוועזן ליידיק. די קוילן האָבן אָנגעקלאַפּט אָן די שטיינער פון ברוק. די שיסער האָבן זיך אליין נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין רעכנשאַפט, פאַרוואָס זיי האָבן געשאָסן...

דערציילט מען עס און מען לאַכט איבער דער אייגענער נערוואָזיטעט, און מען גייט אריבער צו פרייליכערע זאַכן.

ווי געפעלט אייך עפּעס די געביידע פון דער סוכנות, פון דער ציוניסטישער אַגענץ? א געביידע אביסל! אָריגינעל, ווי? זעט אוים ווי א גרויסער כאָף. אונזער רעגירונגס-הויז, יידישע מיניסטעריומס. איר האָט דאָ פון אַלץ. אויסלענדיש מיניסטעריום, אינלענדיש, אַגריקולטור, בילדונג, פינאַנץ. און מען אַרבעט. מענטשן זיצן און טראַכטן און טוען. אויף אומצייליקע פראַגן דאַרפן געגעבן ווערן ענטפערס. און זיי גיבן. וואונדער־באַרע אַרבעטער. וואונדערבאַר הויז...

האָט איר שוין באַזוכט די אוניווערזיטעט? איר וועט זיין איבערראַשט, ווי זי איז זיך צוואַוואַקסן! געביידע אויף גע־ביידע. מיט יעדן יאָר ווערט זי אַלץ נענטער צום פולן באַגריף פון אַן אוניווערזיטעט, ווערט זי אַלץ מער פאַרפולקאָמט.

איר מוזט באַזוכן דעם משק הפּועלות פון רחל בן צבי. איר האָט אים געזען פאַר פיר יאָרן? איר וועט אים איצטער נישט דערקענען. פּראָספּעריטעט... ער האָט דאָך שוין אפילו א ראַדיאָ! און בלומען, בלומען! פאַר גאַנץ ירושלים בלומען!...

פון דאָרטן כאַפּט זיך אַרויף צום גדוד עבודה און לאָזט זיך געבן פון זיינע פלוימען און מישמיש, דאָס הייסט אַפּריי־קאָסן. א פּראַכט! צום באַוואונדערן, וואָס אונזערע חלוצים האָבן אויפגעטאָן! קוקט זיך אדרבא צו צו די הוילע שטיי־נער, וועלכע רינגלען־אַרום זייער נחלה. אָט אזוי האָט זי אויך

אויסגעזען, איידער אונזערע וואונדערבארע חלוצים האבן זיך אויף איר באזעצט. זיי האבן גענומען שטיינער און פארוואנדלט אין בליענדיקע גארטנס.

און אין אנדערע געגנטן האבן מיר גענומען וויסטן שטייערנעם בארג און פארוואנדלט אין גאסן, אויפגעבויט הייזער, פארפלאנצט בוימער און בלומען. קווארטאלן גאנצע אין אלע זייטן פון דער שטאט. גאנץ נײ־ירושלים איז כמעט אונזערס. פון זיבעציק ביז דרייאונזיבעציק פראצענט אונזערס. איר דארפט וויסן, אז ירושלים האט ביי היינטיקן טאג ארום אכציק טויזנט יידן. אכציק טויזנט פון א באפעלקערונג פון עטוואס איבער הונדערט טויזנט. ירושלים איז ווידער א יידישע שטאט. אי, פארוואס איז דער מעיאר אן אראבער? איז האט איר אן עוולה ביי דער וועלט! הלמאי האט מען ארומגעשניטן א סך יידישע שכונות און געמאכט זיי פאר אויסער שטאט? די יידישע מאיאריטעט זאל נישט זיין צו־גרויס... ניין, בעסער, אז מען רעדט נישט דערפון, אז מען דערמאנט זיך נישט אויף דעם... עס הויבט אן צו קאכן... נא, מיר וועלן רעדן וועגן פרייליכערס...

ווען איר וועט זיין אין דער אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים, באטראכט דעם גאנצן ארום. בערג, בערג... ירושלים ארומגערינגלט מיט בערג. אט די אלע בערג זיינען א טייל פון ירושלים. זיי זיינען איצטער פוסט און וויסט, מדבר, אויגנ־ווייטיק. אבער זאל נאר די עליה נישט אפגעשטעלט ווערן, זאלן אין לאנד אריינקומען וואס מער יידן, וועלן אט די אלע בערג באזעצט ווערן, באארבעט ווערן, פארוואנדלט ווערן אין היימען און גארטנס. פרעגט ביי בן צבין, ער וועט אייך זאגן. ער איז דער בעסטער קענער פון ירושלים און איר ארום. עס קאנען דא לייכט באזעצט ווערן עטלעכע הונדערט טויזנט יידן. אזויפיל אומנוצלעכער מדבר קאן ווערן קולטור און ציוויליזאציע. היים און פרנסה פאר הונדערטטויזנט יידן, וואס זוכן א היים אין ארץ ישראל, און ער וועט עס ווערן. מיר וועלן נישט אפלאזן.

ירושלים, ווייסט איר, האט געליטן פון וואסערלאזיקייט.

אין דעם איז קיינער נישט שולדיק געווען, ווי נאָר די פאָלקס־פיינטלעכע אראבישע שטאָט־רעגירונג. די באַזיצער פון די ברונימער, די עפענדים, האָבן געדאַרפט רייך ווערן פון דעם האַנדל מיט וואַסער, און די ענגלישע רעגירונג האָט עס אַלץ דערלויבט, און וואָלט עס מסתמא ווייטער דערלויבט, ווען מיר וואָלטן געשוויגן. מיר האָבן אָנגעהויבן צו שרייען און צו פּראָטעסטירן, האָט מען געפונען קוואַלן און איינגעשטעלט אַ וואַסער־צופור. איצטער וועלן מיר שוין האָבן וואַסער גענוג. הלוואי האָבן מיר נאָר גענוג יידן!

וואָס מער יידן! וואָס מער יידן! און וואָס מער יידישע אַרבעטער. איר ווייסט מסתמא, אַז ירושלים איז נישט קיין שטאָט פון אינדוסטריע און אַרבעט. דער עיקר, וואָס דאָ איז געטאָן געוואָרן — מען האָט אַ סך געבויט. האָבן מיר דאָ פאַרהעלטנישמעסיק אַ קליינע אַרבעטערשאַפט. סך־הכל אַרום פיר טויזנט אָרגאַניזירטע אַרבעטער. אָבער זיי זיינען דער גאַנצער כוח. מיר זיינען אַלע דאָ נישט קיין שרעקקינדער, אָבער פונדעסטוועגן פילן מיר זיך זיכערער און קרעפטיקער, ווייל מיר האָבן דאָ די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט. און ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל דער גאַנצער ישוב פילט, אַז זיי וועלן טאָן די ריכטיקע זאַך אין דער ריכטיקער צייט.

איר מוזט באַזוכן דעם בית הפועלים און די קאָאָפּעראַטיווע קאַפעטעריע. אַ קליינע אַרבעטערשאַפט און זיי בויען זיך אויף הייזער, שטעלן אויף אינסטיטוציעס, ווערן פירער אין אַלע צווייגן פון אונזער לעבן.

ווילט איר אפשר זען, ווי יידישע אַרבעטער און אַרבעטערקעס מאַכן אַ כביש. דאָס איז אַ נייע דערשיינונג אין ירושלים, די כבישים דאָ זיינען שטענדיק געמאַכט געוואָרן פון אַראַבער, ווייל זיי קאָסטן ביליקער. ווען מיר וואָלטן זיך אונטערגענומען צו באַצאָלן די יידישע אַרבעטער דעם חילוק צווישן זייער פּרייז און דעם פּרייז פון די אַראַבישע אַרבעטער, וואָלט די שטאָט געמוזט אָננעמען יידישע אַרבעטער אויך, אָבער מיר האָבן געפאָדערט, אַז די שטאָט־רעגירונג זאָל העכערן די שכירות פון די אַראַבער און דאָס האָבן מיר נישט געקאָנט אויספירן. איצטער

שטרייקן די אראבער זייער משונהדיקן פאָליטישן שטרייק, א שטרייק קעגן די, וואָס האָבן זיי געוואָלט העלפן, און פאַר זייערע אויסבויטער. דער כביש האָט געדארפט געמאכט ווערן, האָט די שטאָט געמוזט אָנשטעלן יידישע ארבעטער, ווילנ־דיק נישט ווילנדיק. דער וויץ דערביי איז, וואָס די שטאָט לעבט דער עיקר פון יידישע שטייערן, און דאָך...

אָבער מיר ווילן בעסער רעדן פרייַלעכערס...

איז ווי געפעלט אייך טאַקע אונזער ירושלים, אונזער יידישע ירושלים? מיר האָבן זי שיין אויפגעבויט, ווי? מיר ליבן זי זייער שטאַרק, און רו און זיכערקייט וועט מוזן קומען, ווי אין פסוק שטייט.

הלוואי!

.4

# חיפה

נישט מער מומע חיפה. מאמע איז זי געוואָרן, מוטער־שטאָט אין ישראל.

פאַר פיר יאָרן האָט זי געהאַט טענות: אַלץ לויפט נאָך תל אביב, אויף איר קוקט מען זיך קוים אום. תל אביב וואַקסט ווי אויף הייוון, און זי לאָזט מען זיצן, ווי זי וואָלט געווען עפּעס אַן אָרעמע מומע.

זי האָט זיך גערופן די שטאָט פון דער צוקונפט. אָבער די יידן האָבן זיך באַנומען, ווי זיי וואָלטן איר נישט געגלויבט. זי איז געווען פאַר זיי נאָר אַ דורכפאָר־שטאָט. איז טאַקע געווען אַ מין פרעמדקייט און קאַלטקייט אין די באַציאונגען, און עס איז געווען די סכנה, אַז חיפה וועט אין גאַנצן פאַר־פרעמדט ווערן. דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם ישוב.

אָבער עס איז אַנדערש געוואָרן. די יידן האָבן דערקענט, וואָס חיפה מיינט פאַר זיי, און זיי האָבן געביטן זייער באַציאונג. איר צוקונפט איז געוואָרן די יידישע צוקונפט.

פאַר פיר יאָרן איז איר באַפעלקערונג געווען אַרום פופ־ציק טויזנט און די יידן זיינען געווען אַ מינאָריטעט. איצטער ציילט זי אַרום הונדערטטויזנט, אָבער די יידן זיינען די מאַ־יאָריטעט: אַרום זעכציק טויזנט. אין שטאָט גופא, אין דער אַל־טער חיפה, וואוינען ביי פינף טויזנט יידישע נפשות, די אי־בעריקע האָבן פאַנאַנדערגעשפּאַרט די גרעניצן פון דער שטאָט,

אויסגעבויט גאַנץ נייע טיילן: הדר הכרמל, הרצליה, הר הכרמל, אחוזה הערבערט סעמיועל, בת גלים, קרית אליהו, נוה שאנן, תל עמל, קרית חיים (אַרלאָזאָראָוו), קרית מאָצקין, קרית ביאַליק...

אין דער שטאָט גופא, וועלכע ליגט צופוסן פון דעם באַרג כרמל, איז פאַר די יידן נישט געווען קיין פּלאַץ. האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו דראַפּען אויפן באַרג. וואו אין די גאַנץ אַלטע צייטן, ווען דער כרמל איז געווען באַגראָזט און באַבוימט און מיט שטאָלץ געטראָגן זיין גאָרטן־נאָמען, האָבן זיך געפּאַשעט די שעפּסן־סטאַדעס פון שיר השירים, דאָרטן שטייט איצטער אַ פּילבאַפעלקערטע שטאָט. גאַסן און הייזער האָבן זיך צו־שפּרייט איבער דעם גאַנצן משופּע פון דעם באַרג, זיינען אַרויפגעקראָכן ביז צום רעכטן שפּיץ. שיין אַזוי אָנצוקוקן, ווען מען קוקט אַרויף פון ים, די שטאָט אויפן באַרג, די טע־ראַסן־שטאָט. שיין ביי טאָג, ווען זי איז איבערגעגאָסן מיט זון, און נאָך שענער ביי נאַכט, ווען זי צינדט זיך אָן מיט אומצייי־ליקע עלעקטרישע לאָמפּן. און עס ברייטערט זיך דאָס האַרץ ביים געדאַנק, אַז דאָס האָבן יידן אויפגעבויט, אַז דאָרטן רוישט מיט יידישן לעבן.

פאַר פיר יאָרן האָט הדר הכרמל געהאַט אַכט טויזנט יידן. איצטער ציילט זי אַן עטלעכע און דרייסיק טויזנט. צוזאַמען מיט איר עלטערער שוועסטער הרצליה מוז זי שוין האָבן קרוב צו פערציק טויזנט. זי האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט איר עלטערער שוועסטער, געוואָרן איינס מיט איר. נישטאָ שוין צווישן זיי קיין גרעניץ, און ביידע צוזאַמען האָבן זיי אויף זייער דרום־זייט אָנגעשפּאַרט ביז אַרויף און פאַרמישט זיך מיט דעם אויבן פון דעם כרמל־באַרג.

ליידיק איז געווען פאַר פיר יאָרן דער הר הכרמל, זיין קאָפּ אַ גרויסער פּליך. ער האָט אַראָפּגעקוקט מיט קנאה אויף הדר הכרמל. אים האָט מען איגנאָנצן פאַרגעסן. איצטער האָט ער זיך שוין נישט וואָס צו באַקלאָגן. ער איז נישט געוואָרן צוריק אַ גאָרטן, ווי אין די אַלטע צייטן. ער ווערט אַלץ מער אַ באַפעלקערטער טייל פון אַ וואַקסנדיקער שטאָט.

פאַר די לעצטע פיר יאָר האָט ער אַרויפגענומען אויף זיך קרוב צו זיבן טויזנט יידן. פּראַכטהייזער פון פאַרשיידענער גרויס, אַרומגענומענע מיט בוימער, פאַרצירן אים, און ער טראָגט אויף זיך פיליכט דעם שענסטן און באַקוועמסטן האָטעל פון גאַנץ ארץ־ישראל, דעם בית טעלש. נאָר קיין שולע האָט ער נאָך נישט, קיין לעראַנשטאַלט פאַר זיינע קליינע קינדער. אַ גרויסע זעלטנהייט אין דעם אויפקום פון דעם נייעם ישוב, וואו די דערציאונג גייט געוויינלעך פאָרויס. אָבער דערפאַר האָט ער אַ זייער שיין אימיגראַנטן־הויז — עטוואָס, וואָס איז זייער וויכטיק פאַר נייאָנגעקומענע עולים אָן געלט און אָן פריינט.

אָבער דאָס איז נאָך אַלץ וויניק פאַר זיינע ווייטקייטן. ער קוקט נאָך אַלץ אַרויס אויפן ווייטן ים, וואָס ליגט צושפּרייט פאַר זיינע פיס: צי ברענגען נישט אָנקומענדיקע שיפן נייע יידישע בויער? ער האָט נאָך זייער אַ סך פּלאַץ. פאַר הייזער און גאָרטנס און וועלדער. די לופט איז אַזוי גוט אויבן ביי אים, און די אויסזיכט אויף ים און טאָל אַזוי הערלעך, און זיין ערד אַזוי פרוכטבאַר. און ער איז נאָך אַזוי ליידיק, אַזוי ליידיק! אָ, וויפל יידן ער קאָן נאָך אַרויפנעמען אויף זיך, באַהויזן און באַשפּייזן!

נאָר בת גלים, וואָס זיצט ביים ברעג ים, איז זיך נישט צוּוואַקסן פאַר די לעצטע פיר יאָר. די עליה־בוואַליע האָט זי נישט באַרירט, ווי אויך נישט איר שכנה אין מערב, קרית אליהו. זי האָט געהאַט גרויסע מעגלעכקייטן, אָבער זי האָט זיי אַליין צושטערט. זי האָט דערווייטערט די יידישע אַרבעטער פון זיך, דערמיט האָט זי אויסגעשלאָסן דעם לעבעדיקסטן עלעמענט און אָפּגעשטעלט איר אייגענעם וואוקס. איצטער איז זי אַרומגערינגלט מיט פרעמדקייט. אַ נישט־יידישער צוים אַרום איר, וועלכן עס וועט זיין שווער דורכצוברעכן. זי קאָן זיך נאָך העלפן, ווען זי זאָל זיך פאַרייניקן מיט איר שכנה קרית אליהו. קרית אליהו דאַרף נאָר האָבן בעסערע פאַרבינדונגען מיט די איבעריקע טיילן פון דער יידישער חיפה. ווען זי קריגט זיי, וועלן זיך יידן אַ לאָז טאָן צום ברעג ים, און ביידע, קרית אליהו און בת גלים, וועלן אויפגעריכט ווערן.

בעסערע פאַרבינדונג מיט הדר הכרמל איז אויך נויטיק פאַר נוה שאנן און איר שכנה תל עמל. נוה שאנן געפינט זיך אויף אן אנדער טייל פון דעם כרמל, אויף דעם רויטן כרמל, אנטקעגן דעם הדר הכרמל. א טיפע וואדי, א באַרג־רים טיילט זיי פונאַנדער. וואָס די נאַטור האָט פונאַנדערגעריסן, קאָנען מענטשן פאַראייניקן דורך א בריק. רעדט מען וועגן א בריק איבער דער וואדי צווישן הדר הכרמל און נוה שאנן. ווען מען וועט זיך אמאָל דערדערן צו דער דאָזיקער בריק, און זי וועט טאַקע אריבערגעוואָרפן ווערן, וועלן נוה שאנן און תל עמל שטאַרק אויפגעריכט ווערן. איצטער זיינען זיי אָפּגעשניטן און פאַראיינזאַמט, און זאָלן זייערע צוויי טויזנט איינוואוינער דאַרפן א מאָל האָבן הילף, וועט דער הילף זיין שווער צו צוקומען זיי וועלן קאָנען לייכט אריבערשרייען צו הדר הכרמל, אָבער הדר הכרמל וועט נישט זיין לייכט אריבערצולויפן. די העלפער וועלן מוזן אַנלייגן וועג און דערצו נאָך דורכלויפן דורך פיינטלעכע גאַסן. ווען די בריק וועט קומען, וועלן נוה שאנן און תל עמל איינס מיט הדר הכרמל. דעמאָלט קאָנען זיי זיך ריכטן אויף גרויסן וואוקס.

אָבער קרית חיים, קרית ביאליק, קרית מאָצקין... פאַר פיר יאָרן זיינען זיי גאָר נישט געווען. איך האָב נאָר נביאות געזאָגט: ווען נאָר נאָך יידן זאָלן צוקומען, א סך יידן אין די צענדליקער טויזנטער, דעמאָלט וועט זיך הדר הכרמל אראָפּלאָזן אראָפּ אין צפון־מע־ב זייט און וועט דערגיין ביז צום קישון־טאָל...

אין קישון־טאָל, אָדער ריכטיקער אין דעם זבולון־טאָל, האָט מען דעמאָלט געבויט אויפן זאַמד, נישט ווייט פון ים, א שכונת עובדים, א וואוינאָרט פאַר די ארבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער דערבייאיקער צעמענטפאַבריק נשר (נעשער). עס האָט געזאָלט זיין א שכונה פאַר א פּאָר הונדערט ארבעטער־משפחות און עס איז געוואָרן — קרית חיים מיט א באַפעלקערונג פון א פינפטויזנט נפשות, קרית מאָצקין מיט א צוויי־טויזנט נפשות און קרית ביאליק מיט קרוב צו טויזנט!

און נאָר נאָך יידן! עס איז דאָ פאַראַן פּלאַץ גענוג.

דער יאַמד, אנגעטראָגן פון ים דורך לאַנגע יאָרהונדערטער, דער זאמד פון דורות, איז נאָר נאָך א קליינער טייל פאַר־בויט. עס קאָן דאָ ווערן א תל־אביב, אויב נאָר די קעניגלעכע קאָמיסיע וועט נישט ארויסטראָגן איר פסק דין, אז די יידישע נאַציאָנאַלע היים האָט שוין גענוג יידן. די ארץ ישראל רעגי־רונג אָבער איז אפילו זייער צופרידן, וואָס יידן האָבן זיך דאָ באַזעצט, און עס וועט איר נישט ארן, אז יידן וועלן דאָ ווערן געדיכטער. זי האָט דאָ אין שכנות דעם אויסגאַנג פון אירע אויל־רערן, וואָס ציען זיך פון איראַק, און זי קאָן זיך אויף די יידן פאַרלאָזן, אז זיי וועלן די רערן נישט באַשע־דיקן. זי ווייס, אז די יידן קומען צו בויען, נישט צו צושטערן. וואָס מער יידן עס וועלן זיך דאָ געפינען, אלץ רואיקער קאָן זי זיין מיט זייער זיכערקייט פון אירע רערן און איר אויל.

קרית ביאַליק, די יינגסטע און קלענסטע פון די דריי, איז געוואָרן אן עיר מקלט פאַר ארויסגעטריבענע פון דייטש־לאַנד. קרית מאָצקין האָט אויפגענומען יידישע באַלעבאַטים ארויסגעשטויסענע פון אן אנדער גלות־לאַנד. אָבער קרית חיים איז אַן ארבעטער־שכונה און איז נישט בלויז די גרעס־טע פון די דריי, נאָר אויך די לעבעדיקסטע, דירעוודיקסטע, קולטור־עלסטע, געפירט פון דעם גייסט פון דער אָרגאַניזירטער יידישער ארבעטערשאַפט.

דער דאָזיקער בויענדיקער, אויפריכטנדיקער גייסט שוועבט אָבער איבער דער גאַנצער יידישער חיפה. פאַר פיר יאָרן זיינען געווען אין חיפה דריי און א האַלב טויזנט אָרגאַניזיר־טע יידישע ארבעטער, איצטער זיינען זיי שוין צוואַנציק טויזנט. צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער זיינען זיי ביי דרייסיק טויזנט נפשות — א העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין חיפה, און זייער איינפלוס איז אָנגעשטיגן לויט זייער צאָל.

ווען זיי זיינען געווען פערטהאַלבן טויזנט, האָבן זיי אויף זייער אייגענעם חשבון, אויף אייגענעם געלט און מיט אייגענע הענט, אויסגעבויט אן אַמפּיטעאַטער, וואָס איז געוואָרן דער קולטור־צענטר פון חיפה, און פאַר זיך אַליין אן ארבעטער־

הויז מיט אָפיסעס פאַר אַלע יוניאָנס און א ביבליאָטעק און א פאַרזאַמלונג־זאַל, און א קופּת חולים — א דיספּענסערי — מיט די מאָדערנסטע איינריכטונגען. פאַר די לעצטע פיר יאָר האָבן זיי זיך נאָך מער איינגעבויט. רעכטס פון דעם אַמ־פיטעאַטער שטייט „ביתנו" — אונזער הויז — א גרויסע, שיינע דריי־שטאָקיקע געביידע, אין וועלכער עס הויזן די פאַרשיידענע ארבעטער־אינסטיטוציעס. פאָרנט פון דעם אַמפי־טעאַטער שפּיגלט זיך די פּראַכטגעביידע פון דעם טעאַטער „אורה", און הינטער אים איז דער קלוב פון דעם „הנוער־העובד" — פון דער ארבעטנדיקער יוגנט.

די באַראַכאָוו־אַרבעטער־ביבליאָטעק האָט אויף אירע פּאָ־ליצעס אַכט טויזנט ביכער. דרייצן פּראָצענט פון זיי זיינען יידישע, אָבער די צאָל פון די יידישע ביכער האַלט זיך אין פאַרגרעסערן. כאָטש נאָר ניין פּראָצענט פון די לייענער בעטן זיי. די ביבליאָטעק איז אָפן פיר שעה א טאָג, נאַטירלעך אין אָוונט נאָך דער ארבעט, און ווערט באַזוכט טעגלעך דורכשניט־לעך פון זעכציק לייענער. אָבער דער קולטור־קאָמיטעט פון דער חיפהר אָרגאַניזירטער יידישער ארבעטערשאַפט טוט נאָך מער פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דעם בוך. זי פירט אָן א סיסטעמאַטישע אַגיטאַציע און האַלט אָפּ אָפטע סימפּאָזיומס פאַר ניי־דערשינענע ביכער. און ביכער ווערן געקויפט, ווערן פאַרשפּרייט.

און עס איז צו פאַרדאַנקען דער אָרגאַניזירטער יידישער ארבעטערשאַפט פון חיפה, וואָס די אַראַבישע ארבעטער האָבן דאָרטן נישט געשטרייקט און עס זיינען נישט פאָרגעקומען קיין אומרוען.

זי האָט זיי נאָך מעגלעכקייט אָרגאַניזירט, געהאָלפן זיי אין זייער שטרייק, אָפּט אויסגעהאַלטן זיי אין פאַרלויף פון לאַנגע שטרייק־וואָכן, באַשיצט זיי פון זיך אליין, קרעפטיקנדיק זייער מוט און וועקנדיק זייער קלאַסנבאַוואוסטזיין. זי האָט נישט פיל דערגרייכט אין איר אָרגאַניזיר־אַרבעט. אַנדערע כוחות אין דעם לעבן פון די אראבער־ארבעטער, סאָציאַלע און רעליגיעזע, זיינען שטאַרקער פאַר דער לערע פון קלאַסן־

סאָלידאַריטעט און קלאַסן־קאַמף. אָבער אין די פאַרנעפּלטע מוחות פון די פּרימיטיווע אַראַבישע אַרבעטער הייבט אָן קלאָר צו ווערן, אַז די יידישע אַרבעטער זיינען אמת מאָדנע מענטשן, וועלכע מיינען, וואָס זיי זאָגן, און מען קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזן אין אַ צייט פון נויט.

אין אַ שטיינהאַקעריי לעבן חיפה האָבן געאַרבעט יידן און אַראַבער. די אַראַבישע אַרבעטער זיינען שטאַרק טעראָריזירט געוואָרן פון די טעראָריסטישע באַנדעס און האָבן געמוזט אוועקלייגן די אַרבעט. זיינען זיי געקומען צום פאַרטרעטער פון די יידישע אַרבעטער, ער זאָל אוועקשטעלן אויף זייערע פּלעצער יידישע אַרבעטער, נישט אַראַבישע.

„ווען איר וועט זיי באַזעצן מיט יידישע אַרבעטער," האָבן זיי געזאָגט, „וועלן מיר אונזערע פּלעצער קריגן צוריק, ווען דער טעראָר וועט אויפהערן. אָבער אַז איר וועט אָנשטעלן אַראַבישע אַרבעטער, וועלן מיר אונזערע פּלעצער קיינמאָל נישט קריגן צוריק, אַפילו ווען יענע וועלן שווערן ביי מאַכאַמעדס קבר, אַז זיי וועלן זיי אָפּטרעטן צוריק..."

וואָס האָבן אַזעלכע אַרבעטער געטאָן, ווען זיי האָבן אוועקגעלייגט די אַרבעט? פון וואָס האָבן זיי געלעבט? האָבן זיי זיך געלאָזט באַצאָלן פאַר שיסן אויף יידן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט? האָבן זיי געשאָסן?

אין חיפה זיינען ווייניק שיסערייען פאָרגעקומען. יידן און אַראַבער האָבן נישט אויסגעוויכן איינע די אַנדערע. עס האָט זיך געפילט קרעפטיקער ווילן, שטאַרקע האַנט, פעסטע אָרגאַניזאַציע. נישט פון דער לאַנד־רעגירונג, נאָר פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

.5

# דאָס ארבעטער-שטעטל קרית חיים

קרית חיים (ארלאָזאָראָוו) איז א פאָרשטאָט אין צפון פון חיפה צווישן דעם שאָסיי חיפה־עכו אין מזרח און דער אייזנבאַן חיפה־עכו אין מערב, און א דאָרטיקער חבר איינוואוינער זאָגט מיט התפעלות:

„איר טאָרט נישט וועלן יוצא זיין בלויז מיט אריינ־שמעקן צו אונז. איר דאַרפט זיך ביי אונז א ביסל פארזאמען, אָוועקגעבן אונז מער צייט, נעענטער באקאנט ווערן מיט אונז. עס וועט אייך זיין אינטערעסאנט. און אז איר וועט דערציילן וועגן אונז, ווילט נישט אָפּקומען מיט בלויז דערמאָנען אונז: א פאָרשטאָט אָדער א שכונה ביי חיפה, אן ארבעטער־שטעטל מיט אזויפיל און אזויפיל נפשות — און פארטיק! ניין, דער־ציילט וועגן אונז באריכות. קרית חיים איז נישט ווייניקער אינטערעסאנט ווי די גרעסערע שטעט אין דעם יידישן ישוב.

„אויף א פלאַץ פון וואנדער־זאמד, וואָס ווערט געטראָגן און ארומבאוועגט פון די ווינטן פון דעם נאָענטן ים, האָט גע־זאָלט אויפגעשטעלט ווערן א שכונה פאר א פּאָר הונדערט ארבעטער־משפחות, און אין איינע דריי יאָר איז אויסגעוואקסן א שטעטל מיט א באפעלקערונג פון קרוב צו טויזנט משפחות. א שטעטל, וואָס רעגירט זיך אליין, באשטייערט זיך אליין, באזאָרגט זיך אליין מיט אלע נויטיקייטן אין אלע הינזיכטן. ווי באשטייערט זי זיך? גאָר פשוט. יעדע פאמיליע צאָלט נאָך

איר איינקונפט. מיר ווייסן גענוי, וויפל יעדע איינע פאמיליע פארדינט, און זי וויים, וואס איר שטייער איז. פארדינט זי זיבן פונט א וואך, איז איר שטייער פינף פראצענט, פאר־דינט זי אכט, איז פינף און א האלב, פון אכט ביז צען איז זעקס פראצענט און אזוי ווייטער. יעדע פאמיליע גיט ארויס א וועקסל אויף איר יערלעכן שטייער, האבן מיר שוין אנהייב יאר געזיכערט אונזער בודזשעט אדער דעם באדייטנדיקסטן טייל פון אונזער בודזשעט. ווייל מיר האבן נאך הכנסות, ווי איר וועט ווייטער הערן.

„קודם כל וויל איך אייך זאגן, אז קרית חיים איז א שטעטל און שכנים. דאס הייסט ביי אונז ווערן קיין דירות נישט פארדונגען. דירות זיינען נישט קיין געשעפט. מיר זיינען ארבעטער, וואס לעבן פון דער מי פון אונזערע הענט, אבער נישט קיין רענטיערס, נישט קיין לענדלארדס, ווי איר רופט זיי. יעדע משפחה האט איר אייגענע דירה, באוואוינט זי אליין, טאר קיין שכנים נישט אריינגעמען. אן אייגענע דירה מיינט א הייזל פאר זיך, אויסגעבויט אויף אייגענעם חשבון, אדער א געקויפטע וואוינונג אין א קאאפעראטיוון הויז. די דירות באשטייען געוויינלעך פון צוויי אדער דריי גרויסע צימער, א קיך, א באד־צימער, א פארצימער און א ווערא־נדע. ביי יעדן הויז א גארטן.

„אונזער שטעטל ווערט געפירט פון א ראט, וואס ווערט אויסגעקליבן אויף א יאר. דער ראט קלייבט אויס פון זיך די הנהלה (האנהאלא), די אדמיניסטראציע, און ביידע האבן זייערע הענט פול. זייער גרעסטע שוועריקייט ליגט אין דעם, וואס אונזער שטעטל וואקסט ווי אויף הייוון. אט לייגט מען אוים פלענער מיט א בודזשעט פאר אזויפיל און אזויפיל נפשות, און פלוצלונג א נייע פארפלייצונג פון מענטשן, טאטעס, מא־מעס, קינדערלעך, און דו גיי און מאך אלץ איבער.

„אט איז געוועזן א פראבלעם וואסער. מיר האבן געהאט איין ברונען, איז ער געווארן ווייניק. האט מען אויס־געגראבן נאך א ברונען, איז ער אויך געווארן ווייניק. בקיצור מיר וועלן שוין האבן אכט אדער צען ברונענס. און אז איך זאג

ב ר ו נ ע ן, מיינט עס נישט, אז מען קומט און מען שעפּט פון ברונען און מען טראָגט אין די הייזער עמערס וואסער. עס מיינט ב י ו ב — ווי זאָל עס הייסן אויף יידיש? יאָ, וואסערלייטונג, וואסערצופיר דורך רערן. מיר האָבן א וואַסערלייטונג. און מיר האָבן עלעקטריציטעט. עלעקטריציטעט אין אַלע הייזער, און אין די פינסטערע נעכט ווערט קרית חיים באַלויכטן פון איבער הונדערט עלעקטרישע גאַס־לאַמטערנעס. א שטאָט מיט אַלע ציוויליזירטע שטעט צוגלייך!

„אָבער וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? יאָ, דאָס פּראָבלעם פון שנעלן וואקסן. מיר האָבן געהאַט א שולע פאַר אַן ערך הונדערט קינדער און פּלוצלונג האָבן מיר געדאַרפט מאכן פּלאַץ פאַר צוויי און דריי הונדערט קינדער! און ביי אונז איז נישט שייך צו זאָגן, אויב עס איז נייטאָ קיין פּלאַץ, גייט מען נישט אין חדר, אָדער לערנט מען וויניקער שעות. ביי אונז לערנען מיינט לערנען, און אַלע מוזן לערנען. איז אז די אַלטע שולע איז קליין, מוז ווערן אַ נייע. און זי איז געוואָרן. די רעגירונג האָט הס ושלום קיין איין פּיאַסטער נישט געגעבן. יידישע דערציאונג גייט איר נישט אָן. די שולע האָט געדאַרפט ווערן און איז געוואָרן מיט אייגענער הילף. א גרויסע שולע און קינדער־גערטנער, און אונזערע קינדערלעך לערנען זיך גוט. מיר האָבן זיך נישט וואָס צו שעמען נישט פאַר חיפה און נישט פאַר תל־אביב. און ווי עס געהערט זיך אין א שולע אין אַן ארבעטער־שטאָט, לערנט מען אין אונזער שולע נישט בלויז תורה, נאָר אויך עבודה. נייען, אויסנייען, סטאָלערײַ, איינבינדעריי, פלעכטעריי און גערטנעריי. אונזער שולע האָט א גאָרטן, וואָס איז אָפּגעגעבן אין גאַנצן אין רשות פון די קינדער — איז א פארגעניגן אים אָנצוקוקן. ער איז אָבער נישט אזוי לייכט אָנגעקומען די קינדער. וואַנדערזאַמד האָט געדאַרפט פארוואנדלט ווערן אין א בליענדיקן גאָרטן. דאָס איז נישט קיין לייכטע זאַך אפילו פאַר געניטע ארבעטער, און דאָך האָבן אונזערע קינדער געמאכט, ווי איר זאָגט, א גיטן דזשאָב.

„אונזער שולע האָט איינגעפירט, אז פרישטיק זאָלן די קינדער יעדן טאָג עסן אין דער שולע, אין חברותא. דאָס

ברענגט זיי נאָך נענטער צוזאַמען, מאַכט זיי חברישער. איך גלויב, אַז דאָס איז זייער אַ גוטע איינפירונג.

„אַז איך האָב שוין דערמאָנט עסן, וועל איך זיך שוין אָפּשטעלן אויף אונזער פּאַרפּראָוויאַנטירונג בכלל. מיר האָבן אַ צ ר כ נ י ה (צאַרכאַניאַ) — ווי זאָל איך עס אייך איבערזעצן? אַ ב אַ ד אַ ר פ ט י ק ײ ט וועט זיין גוט איבערגעזעצט? אַ קראָם, וואו איר קריגט אַלץ, וואָס איר באַדאַרפט צו עסן און צו טרינקען. פלייש און פיש און מילך און פּוטער און אַלערליי גרינצייג און כסדר אַלץ. זי באַשטייט פון איין צענטראַלע און אַ סך אָפּטיילונגען אין די פאַרשיידענע טיילן פון דער וואַקסנדיקער שטאָט. דאַרפט איר אָנקוקן אונזער צענטראַלע, ריין, שיין, אַן אייזקאַסטן, איך מיין אַ רעפרידזשירייטאָר, און וואָס נישט. די צ ר כ נ י ה איז אַ קאָאָפּעראַטיוו, און אַלע פאַמיליעס פון קרית חיים דאַרפן זיין מיטגלידער.

„היינט האָבן מיר אַ מ אַ פ י ה, אַ בעקעריי — וואָלט זי געמעגט שטיין ביי אייך אין ניו יאָרק! אַ פּראַכט! אַן אויוון נאָך דער לעצטער טעכניק, היגיעניש אין פולסטן זין פון וואָרט. לופטיק, ליכטיק, אַ מחיה צו אָטעמען דאָרטן. זי איז דער שותּפותדיקער אייגנטום פון דער שטאָט מיט אַ קאָאָפּעראַטיוו פון בעקער. ביידע, די צרכניה און די מאפיה זיינען אַ קוואַל פון איינקונפט פאַר דער שטאָט.

„און געוויינלעך האָבן מיר אַ מרפאה, דאָס וואָס הייסט ביי אייך אַ דיספּענסערי. זי איז צוגעשטעלט געוואָרן פון דער קופּת חולים, פון דער קראַנקן־קאַסע פון דער הסתדרות. איר דאַרפט וויסן, אַז קיין חבר קאָן זיך נישט באַזעצן ביי אונז אין קרית חיים, אויב ער איז נישט אַ חבר אין קופּת חולים. אונזער מרפאה איז אַ שיין ליכטיק הויז, אָבער שוין קליין געוואָרן. מען דאַרף שוין בויען אַ צווייט הויז. דעם קאַבינעט פון דעם צאָן־דאָקטאָר האָט מען שוין אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער הויז.

„פאַר אַ יאָרן זיינען מיר געבענטשט געווען מיט מאָסקיטאָס. מיר האָבן געהאַט אַ סך רעגנס און אַ סך בלאָטעס. אויסער דעם האָבן מיר נישט זייער ווייט פונדאַנען דאָס קליי־

נע טייכל נעמן, דעם שיחור ליבנת פון תנ"ך, און ער איז א בריפלאץ פאר מאסקיטאס. ועל כולם, ווען איר וועט זיך ארומקוקן, וועט איר דערזען אין דערווייטנס שווארצע בעדו־אינישע געצעלטן, און זיי זיינען מאסקיטא־קאזארמעס. מאס־קיטאס אבער מיינען מאלאריע. און פונדעסטוועגן האבן מיר גע־האט זיי־ער ווייניק מאלאריע־פאלן. בכלל איז דער געזונטהייטס־צושטאנד פון אונזער שטעטל אויסגעצייכנט. דער עיקר דער געזונטהייטס־צושטאנד פון אונזערע קינדער. איר דארפט זיי נאר אנקוקן. געזונט און קרעפטיק איינער אין איינעם. פאר די דריי יאר פון קרית חיים זיינען אין איר נעבארן געווארן הונדערט און פערציק קינדער, און אלע פיין!

„וואונדערט זיך נישט, וואס איך וועל דערמאנען, אז מיר האבן א פאטשט. זי איז אונז נישט לייכט אנגעקומען. מיר האבן זי געבעטן, און די רעגירונג האט געהאלטן אין איין אפלייגן. פאראן פריערע, פאראן בילכערע, מיר זאלן דערווייל אויסקומען אן א פאטשט־סטאנציע. דער צוג פלעגט אראפ־ווארפן דעם בריוו־זאק אויף דער אייזנבאן־סטאנציע, און פאר־טיק. מיר האבן געדארפט אויסהאלטן א בריוו־טרעגער, וועל־כער האט נישט אויפגעהערט צו פאדערן העכערונגען אין זיין שכירות, ווייל די באפעלקערונג ווערט אלץ גרעסער און גרע־סער און זיין ארבעט ווערט מער און מער. מיר האבן נישט געקאנט איינזען, פארוואס מיר זאלן דארפן טראגן אזא הוצאה. עס איז א רעגירונגס־זאך. אומעטום א רעגירונגס־זאך. בקיצור, מיר האבן דערקלערט א שטרייק. די פאטשט־זעק, וועל־כע די צוגן האבן אראפגעווארפן, זיינען געבליבן ליגן, וואו זיי זיינען אראפגעפאלן. מיר האבן זיך נישט צוגערירט צו זיי. א טאג אזוי און צוויי און דריי, און די רעגירונג, א ליכטיקן גן עדן זאל זי האבן, האט געמוזט אויפעפענען א פאטשט אין אונזער שטעטל, א פאטשט און א טעלעפאן טאקע אויך, אן אויטאמאטישן טעלעפאן.

„ווילט איר דאך מסתמא וויסן, ווי איז בכלל אונזער פארבינדונג מיט דער אויסנוועלט. פון איין זייט האבן מיר די אייזנבאן און אויף דער בביש־זייט האבן מיר דעם אויטא־

בוס. די אייזנבאַן, ווי געוויינלעך אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע, האָט אונז אין אָנהייב באַהאַנדלט שטיפמוטעריש. געגעבן וויי־ניק צוגן, ווייניק וואַגאָנען. די סטאַנציע איז נישט געווען קיין סטאַנציע. נישט געווען וואו צו צוזעצן זיך, נישט געווען קיין באַלייכטונג. און די צוגן האָבן אַלע געהאַט די מידה צו פאַר־שפּעטיקן זיך. איז אַז מען איילט אינדערפרי צו דער ארבעט אין חיפה און דער צוג פאַרשפּעטיקט זיך, איז גאָר נישט גוט געווען. האָט זיך אָנגעהויבן אַן ארומרייסעניש און אויסטענה־ניש מיט דער רעגירונג. ביז מיר האָבן ווידער אויסגעפירט. אין אַלע פּרטים. די צוגן גייען אָפטערס און פּינקטלעכער, די סטאַנציע האָט באַקומען בענקלעך און עלעקטרישע באַלייכטונג. איר דאַרפט וויסן, אַז דער נציב העליון, דער הייקאָמישיאָנער האָט אונז שוין אַ פּאָר מאָל באַזוכט און איז שטאַרק צופרידן מיט אונז.

„איך ווייס נישט, צי איר ווייסט: די יידן אין חיפה האָבן זיך נישט וואו צו באָדן. דאָס הייסט, זיי האָבן נישט קיין איי־גענעם פּלאַץ ביים ים. די גוטע באָד־פּלעצער געהערן צו אַראַ־בער, און אין אַזאַ זומער ווי דער הייגנטיקער קאָנט איר פאַר־שטיין, וואָס דאָס מיינט. מיר דאָ זיינען נאָענט ביים ים. איר שפּרייזט אַריבער די אייזנבאַן־רעלסן, זייט איר שוין ביים ים. און מיר האָבן דעם בעסטן ים־ברעג אין גאַנצן לאַנד. תל אביב האָט נישט אַזאַ. ברייט, באַשיצט פון ווינט, אַבסאָלוט פריי פון שטיינער, ארומגענומען מיט בערגלעך פון ריינעם זאַמד. מיר קאָנען דאָ האָבן דעם בעסטן באָד־פּלאַץ, נאָר דאַרף מען האָבן אַ סך געלט. זוכן מיר מענטשן מיט אַ סך געלט. עס וועט זיין אַ זייער גוט געשעפט. אפשר האָט איר עמיצן אין ניו יאָרק, וואָס זוכט אַ גוט געשעפט. אויב ער איז אַ ציור־ניסט קאָן ער דאָ געפינען די דאָפּלטע באַפרידיקונג. אי זיין געלט גוט אינוועסטירן אי זיין נשמה צופרידן שטעלן. קרית חיים וועט אויך צוטראָגן עפּעס געלט, ווייל זי וויל זיין אַ שותף.

„איר פאַרשטייט, די שטאָט זוכט אַלץ מער הכנסות, כדי זי זאָל קאָנען באַפרייען די חברים פון די שטייערן. דערפאַר

האָט זי אויך אָפּגעטיילט עטלעכע בוי־פּלעצער אין צפון פון שטאָט פאַר אינדוסטריע. מיר זיינען דאָך אַלע אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן, האָפן מיר מיט דער צייט צו קאָנען עפע־נען עטלעכע קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקן, וואָס וועלן זיין אַ גוטע הכנסה פאַר דער שטאָט.

„און איצטער וועל איך אייך זאָגן, וואָס עס פעלט אונז זייער שטאַרק. עס פעלט אונז אַ גרויסער קולטור־צענטער, אַ בית עם. דער, וועלכן מיר האָבן, איז זייער קליין. נעמט אַריין אַ וואָסערע דרייהונדערט מענטשן, און מער ווי פינפמאָל אַזויפיל ווילן אַריינגיין. דאַרפן מיר האָבן אַ גרויס פאָלקס־הויז מיט לכל הפּחות אַ טויזנט זיץ־פּלעצער, מיט אַ גרויסער בינע, וואָס זאָל דינען פאַר טעאַטער און פאַר קינאָ, אַ זאַל פאַר גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, פייערונגען.

„אָבער מיינט נישט, אַז ביז וואַנען וואָס באַגייען מיר זיך דאָ אָן קולטור. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ כאָר און אַן אָר־קעסטער און האַלטן אָפּ לעקציעס. עס איז בלויז ענג. מ׳שטייט קאָפּ אויף קאָפּ, און נאָך מער קאָנען נישט אַריין. ווילט איר אפשר וויסן, וואָס פאַר אַ לעקציעס עס זיינען ביי אונז אָפּגע־האַלטן געוואָרן. אָט איז אייך אַ צעטל. דריי לעקציעס איבער תנ״ך, צוויי לעקציעס איבער יידישער געשיכטע, זעקס לעק־ציעס איבער ליטעראַטור: דריי איבער דער העברעאישער, איינע איבער דער רוסישער און צוויי איבער דער יידישער, איבער שלום אַש און איבער לייוויקס „דער גולם חלומט״, ניין לעקציעס איבער סאָציאַלע פראַגן און סאָציאַליזם, פינף לעקציעס איבער פאַרשיידענע פערזענלעכקייטן — אייער חיים גרינבערג האָט געהאַלטן ביי אונז אַ לעקציע איבער „לענין און גאַנדי״. צוזאַמען זיינען עס פינף און צוואַנציק לעקציעס. אויס־סערדעם האָבן מיר געהאַט צוועלף אָוונטן מיט פאָרלעזונגען און דעקלאַמאַציעס מיט דער מיטווירקונג פון קינסטלער פון דער „הבימה״ און דעם „אוהל״ און אַנדערע. נישט שלעכט, ווי?

„נאַטירלעך, אַז מיר האָבן אַ ביבליאָטעק. אַ ביבליאָטעק מיט איבער זיבעצנהונדערט ביכער. דאָס רוב העברעאישע —

איבער צוועלף הונדערט. אָבער מיר האָבן יידישע אויך. זייער ווייניק. אונטער א הונדערט. אָבער די ווערן אויך נישט גע־לייענט. פון הונדערט און פינפאונדרייסיק לייענער האָבן דריי געלייענט יידישע ביכער. מעגלעך דערפאַר, וואָס די ביכער זיינען שוין אַלטע ביכער און זיינען לאַנג געלייענט געוואָרן. איר ווייסט, אייערע ביכער האָבן מיר דאַכט זיך גאָרנישט. איך הער, אַז מען קלייבט זיך אַרויסצוגעבן אַלע אייערע ווערק אין פינפאונצוואַנציק בענדער. איר וועט אונז זיי מאַכן אַ מתנה. זאָגט איר צו? אַ דאַנק. איך פאַרשפּרעך אייך, מיר וועלן זיי לייענען... איך וויל אייך אָבער זאָגן, אַז פון די זיבעצנהונדערט ביכער איז אונזער ביבליאָטעק זיינען ביי פערצנהונדערט גע־קויפטע...

„נו, האָב איך דאַכט זיך געדעקט די גאַנצע שטאָט. האָב איך עפּעס אויסגעלאָזן? אָ, יאָ, מיר האָבן אויך אַ שול פאַר דאַוונער. חברים האָבן מיטגעבראַכט טאַטעס, זיידעס, איז זאָלן אויך די אַלטע הנאה האָבן פון זייער לעבן.

„וואָרט, איך האָב מיט וואָס צו ענדיקן. קרית חיים האָט נישט קיין פּאָליציע. מיר האָבן נאָר צוויי שומרים, וועלכע דאַרפן צוזען, אַז קיין אומגעוווינטשטע פעדלער זאָלן זיך נישט אַרומדרייען אין די גאַסן. די חיפהר פּאָליציע קאָן אייך עדות זאָגן, אַז פאַר די דריי יאָר פון דער עקזיסטענץ פון קרית חיים, האָט זי ביי אונז קיין שטאָך אַרבעט נישט געהאַט...”

.6

## רחובות און איר אַרום

דער פּלאַץ, אויף וועלכן די קאָלאָניע רחובות שטייט, האָט אמאָל, גאַנץ אמאָל געהייסן שערים (שאאַראַיים). דער נאָמען ווערט דערמאָנט אין דעם קאַפּיטל פון דוד און גלית. דוד האָט דערהרגעט גליתן, די פּלשתים האָבן זיך דערשראָקן און זיינען אַנטלאָפן, די יידן זיינען נאָך זיי נאָכגעלאָפן — „און עס זיינען געפאַלן געהרגעטע פּלשתים אויפן שערים־וועג".

איז דער שערים־וועג מיט טויזנטער יאָרן צוריק געווען אַ באַקאַנטער וועג, שערים איז געווען אַן אָדרעס. אָבער מיט זעקסאונפערציק יאָר צוריק איז פון שערים קיין קלענסטער סימן נישט געווען. דער פּלאַץ, אויף וועלכן זי איז געשטאַנען, איז געווען פּוסט און וויסט, אַן אַ שפּור פון אַ וועג. עלנטער מדבר, אָן אַ שאָטן צו פאַררוען זיך אונטער אים, קיין איין בוים נישט און קיין איין געביידע. אַ קליינער בעדואינישער שבט האָט דאָ געהאַט אויפגעשטעלט זיינע געצעלטן אויף אַ בערגל. אַרום פערציק משפּחות אינגאַנצן, באָרוויסע, נאַקעטע, האַלב־הונגעריקע, ווייל דער גרויסער שטח ערד צופוסן פון זייער בערגל האָט זיי נישט געקאָנט שפּייזן. זיי האָבן באַאַרבעט קליינע פּאַסן, וועלכע זיי האָבן פאַרזייט מיט גערשטן אין ווינטער און מיט קאַוואונעס אין זומער, און גע־לעבט פון הויזירערייַ בייטאָג און גנבה און רויבערייַ בייַנאַכט. דאָס וואָסער, וואָס זיי האָבן געברויכט פאַר זיך און זייער

פי — שמוציק, שערלעך וואסער — האָבן זיי געשעפּט פון אַן אַלטן חורבן קדמונים־ברונעם, און עס איז זיי קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז זיי דאַרפן און קאָנען אים פאַרריכטן און אויפריניקן, און נאָך ווייניקער איז זיי איינגעפאַלן, אַז זיי קאָנען גראָבן אַ נייעם. צופעליקע שכנים, וועלכע זיינען געקו־מען, מען האָט נישט געוואוסט ווען און פונוואַנען.

דער גאַנצער שטח פון איבער צענטויזנט דונאַם האָט געהערט צו אַן עפענדי אין דער דערבייאיקער יפו, וועלכער האָט אים אָפּגעקויפט פון דער טערקישער רעגירונג פאַר זיבנ־הונדערט טערקישע פונט אין אַן עפנטלעכער אוקציאָן. אַ ייד האָט אפילו געהאַט אָנגעבאָטן מיט טויזנט טערקישע פונט מער, אָבער דער טערקישער פּאַשאַ האָט אים געהייסן אָפּטראָגן זיך מיט גוטן... דאָס לאַנד איז געבליבן פאַר דעם עפענדי, וועל־כער האָט עס מיט זיבעצן יאָר שפּעטער פאַרקויפט צו יידן פאַר איבער הונדערט טויזנט פראַנק.

די יידן, וואָס האָבן אָפּגעקויפט דעם פּלאַץ, אויף וועלכן זייערע עלטערזיידעס האָבן באַזיגט די פּלשתים, זיינען אַלץ געוועזן שטאָט־מענטשן, קיינער נישט קיין ערד־אַרבעטער, און בכלל נישט קיין אַרבעטער. אָבער זיי האָבן געבראַכט מיט זיך אַ ווילן צו אַרבעט, ווייל זיי האָבן געטראָגן אין זיך אַ באַ־גייסטערונג פאַר דער ווידעראויפלעבונג פון זייער פאָלק אין דעם לאַנד פון זייערע עלטערן, און זיי האָבן באַזיגט דעם חורבן און דעם מדבר. זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן דעם פּלאַץ רחבות, ווייל עס איז זיי געוואָרן ברייט און פריי צו לעבן, און רחבות איז געוואָרן איינע פון די שענסטע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל. דער געוועזענער מדבר איז איינגעטונקט אין גרינס, באַוואַקסן מיט וויינגערטנער און פּרדסים און מאַנדל־ביימער און פעלדער און וועלדער. אָנשטאָט דעם אַלטן חורבן ברונעם גיבן איצטער פופציק ברונימער אַ שפע מיט וואַסער. און דאָרטן, וואו פערציק בעדואינישע פאַמיליעס זיינען גע־שטאָרבן פון הונגער, שפּייזן זיך איצטער איבער פירהונדערט יידישע קאָלאָניסטן־משפחות, אַ וואָסערע טויזנט יידישע אַר־בעטער און טויזנטער אַראַבער...

„זיינען די אראבער נאָך מיט אייך?"

„זיי זיינען אוועק דעם וועג פון אַלע אראבער."

„לאָזן זיי אייך צורו? באאומרואיקן זיי אייך?"

„געפינט איר אומרו ביי אונז? אנטדעקט איר נערוואָזיטעט און מורא? מיר זיינען דאָ זייער און זייער רואיק. רואיקער, ווי ווען עס איז אין דער צייט פון א צוזאמענשטויס מיט די אראבער, ווייל מיר זיינען איצטער א סך שטארקער. די געשיכטע פון החבות, דארפט איר וויסן, איז ווי די געשיכטע פון אַלע איבעריקע יידישע קאָלאָניעס און פון דעם איבעריקן ישוב — א געשיכטע פון קאמף נישט נאָר מיט דער קראנקער טרוקענער ערד און דעם מדבר, נאָר אויך מיט דעם מדבר־מענטש. גלייך פון אָנהויב האָבן מיר געבראכט פרנסה פאר דעם אראבער. די „כאראטים", די אראבישע יאָר־ארבעטער, וועלכע האָבן געארבעט ביי די רייכע פעלאכן אין דעם דער־בייאיקן דאָרף זשארנוקאָ א גאנץ שווער יאָר פאר טרוקן ברויט, א העמד און א פּאָר שיך, האָבן ביי אונז געקראָגן א פראנק א טאָג — א רייכטום פאר מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין מזומנעם גראָשן נישט געזען. דערפאר האָבן די רייכע פעלאכן פון זשארנוקאָ געמאכט ביי אונז א פּאָג־ראָם. מיר האָבן קוים אָנגעהויבן צו פארגעסן דעם דאָזיקן פּאָגראָם, זיינען מיר איבערגעפאלן געוואָרן פון דעם בעדואינער־שבט. זיי האָבן געהאט פרנסה ארום אונז, אָבער פּלוצלונג איז זיי איינגעפאלן צו פאָדערן פון אונז די ערד. די ערד, וואָס איז קיינמאָל נישט געוועזן זייערס און האָט זיי קיינמאָל נישט דערנערט. מיט ווייב און קינדער זיינען זיי אונז איבערגע־פאלן, און עס איז געקומען צו א בלוטיקן געשלעג, אין וועלכן מיר האָבן געזיגט. דערנאָך זיינען זיי אונז א לאנגע צייט דער־נאָנגען די יאָרן אין דער פינסטערניש פון די נעכט. געגנבעט, געברענט, בוימער אויסגעריסן. אָט ווי איצטער. מיט א סך יאָרן שפּעטער, אין יאָר 1913, האָבן מיר ווידער געהאט א צו־זאמענשטויס מיט זשארנוקאָ, וועלכע האָט אונז געקאָסט בלוט און קרבנות. נאָך דער וועלט־מלחמה, וועלכע איז פאר אונז און פאר דעם גאנצן ישוב געוועזן א קייט פון אוממעגלעכע

יסורים, האָבן מיר נאָך געדאַרפט דורכמאַכן אַ טרענטש־מלחמה קעגן אַן אַרמיי פון זעקס טויזנט מדבר־מענטשן, וועלכע זיינען געגאַנגען אויף רחבות מיט פרומער באַגייסטערונג, וואָס זיי האָבן יענעם טאָג — זייערער אַ יום־טוב — אַרויסגעטראָגן פון זייערע געבעט־הייזער... איז אַז מיר האָבן דאָס אַלץ געקאָנט איבערטראָגן, ווען מיר זיינען געווען שוואַך, וואָס פאַר אַ ווערט האָבן ביי אונז די איצטיקע געשעענישן?... קוקט זיך אַרום, וואָס פאַר אַ כוח מיר זיינען איצטער. רחובות אַליין האָט פאַרדאָפּלט איר גרויס און פאַרמערפאַכט איר באַפעלקערונג, און צו איר האָבן זיך צוגעטוליעט אַ סך קבוצות, וואָס שפּרודלען מיט יוגנט און קראַפט און אַנטשלאָסנקייט. עס איז אַ פאַרגעניגן איינפאַך צו לעבן דאָ איצטער!..."

נישט נאָר האָבן די רחובות־קאָלאָניסטן אויפגעקויפט נאָך אַ סך לאַנד אַרום זיך און פאַרדאָפּלט זייער שטח, נאָר אויך דער נאַציאָנאַל־פאָנד, דער אויסלייזער פון דער ערד, האָט דאָ אויסגעלייזט גרויסע שטיקער ערד פאַר סומען, וועלכע האָבן שטאַרק רייך געמאַכט די פאַרקויפער, און באַזעצט זיי מיט ערד־הונגעריקע יידישע אַרבעטער.

די ערשטע אַרויפצוגייען אויף דער ערד פון נאַציאָנאַל־פאָנד ביי רחובות איז געווען די קבוצת שילער — אַ נאָמען נאָך דעם יידישן געלערנטן שלמה שילער, נאָר ווייל די וועלט נעמט אָן, אַז דאָס איז אַ נאָמען נאָך דעם גויסן דייטשן דיכטער פרידריך שילער, ווערט ער איצטער געענדערט אין גן שלמה.

שוין איינמאָל אַ קבוצה! האָט מען אונז געלאָזט וויסן פאַר פיר יאָרן. אַלע אירע הונדערט און פערציק מיטגלידער זיינען „מיט דיפּלאָמען אין קעשענע"! אַלע אויסגעשטודירטע, געענדיקטע, מיט פאַרשיידענע טיטולן, מענער און פרויען. פון די פאַרשיידענע אוניווערזיטעטן און פּאָליטעכניקומס און אַקאַדעמיען און פון פאַרשיידענע לענדער. אויך פון אַמעריקע. יעדער איינער און יעדע איינע איז עפּעס געווען, האָט שוין עפּעס געהאַט אויפגעטאָן, עפּעס דערגרייכט. האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע קאַריערן און זיינען געוואָרן אין ארץ ישראל איינ־

פאכע ארבעטער. און דער חידוש איז, וואָס זיי זיינען געוואָרן גוטע אַרבעטער.

צו וואָס זיי האָבן זיך נישט גענומען, האָבן זיי קיינמאָל פּאַרמיאוסט דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזירטער יידישער אַר־בעטערשאַפט, פון וועלכער זיי זיינען אַ טייל. און זיי האָבן זיך גענומען צו אַלע ארבעטן. קיינע איז פאר זיי נישט געווען צו שווער אָדער צו מיאוס. ארבעט איז ארבעט. כיבוש עבודה! באצווינגען יעדע ארבעט און באצווינגען ז י ך פאר יעדער ארבעט.

צווישן זיי האָט זיך געפונען אויך אַ דיכטער מיט אַ נאָמען. אויף דער פּראַגע, צי שאַפט ער נאָך לידער, האָט ער שטאָלץ געענטפערט: געוויס! — ווערט ער עטוואָס פאַרלייענען — מיט פאַרגעניגן! און צוגעפירט צום שטאַל, פאַנאַנדערגעעפנט די טירן און אָנגעוויזן אויף די עטלעכע צענדליק גרויסע שיינע האָלענדישע בהמות: דאָס זיינען זיינע נייע לידער...

זיין ארבעט אין דער קבוצה איז געווען אָנטזונג צו געבן אויפן שטאַל און אויף די בהמות אין דער שטאַל, און ער האָט די ארבעט גוט געטאָן. זי איז אים געוואָרן דיכטונג.

ווי שיין קבוצת שילער איז געוואָרן פאר די לעצטע פיר יאָר! אַ סך נייע געביידעס זיינען צוגעקומען, און מער פאַר־פּוצט איז זי. די מענטשן „מיט דיפּלאָמען אין קעשענע" האָבן קענטיק פלייסיק געארבעט און ארויפגעארבעט זיך...

אַ גוטמוטיקער שמייכל ענטפערט אויף אַלע קאָמפּלימענטן.

און ווי איז עפּעס מיט אראבער?

נישט געפערלעך.

און זעלבסטשוץ?

זיי שטייען פון קיינעם אין גאַרנישט אָפּ. ווען מען דאַרף ארבעטן בייטאָג און שטיין שמירה ביינאכט, דער דיפּלאָם אין קעשענע איז דערצו קיין סתירה נישט.

„און זייט אַזוי גוט, פאַרגעסט אונזערע דיפּלאָמען, ווי מיר האָבן זיי פאַרגעסן. געווען־געוועזן, אַ לעגענדע און נישט מער. מיר זיינען שוין לאַנג געוואָרן איינס מיט אונזער ערד און מיט דער ארבעט, וואָס גייט אויף איר אָן. שטיקער ערד

זיינען מיר. פאָלקס־כוח זיינען מיר. רעדט פון אונז ווי איר רעדט פון אונזער שכנה גבעת ברענער. מיר זיינען אַלע גלייכע תלמידי חכמים און אַלע גלייכע אַרבעטער. טיילט קיינעם נישט אויס...״

גבעת ברענער די שכנה איז מיט עטלעכע יאָר יינ־גער, אָבער איז גרעסער אין שטח און אין דער צאָל פון אירע מיטגלידער.

אין אַ הגדה, וואָס גבעת ברענער האָט צוזאַמענגעשטעלט פאַר איר אייגענעם געברויך, ווערט דערציילט די גרינדונג פון דער קבוצה מגילהמעסיק:

„און די טעג זיינען געווען טעג פון יאוש אין לאַנד, לייקענונג אין צוקונפט און אומגלויבן אין גאולה. עס האָט אויפגעהערט דער בטחון אין ארץ ישראל צווישן די מאַסן פון ישראל. טעג פון אַרבעטסלאָזיגקייט זיינען עס געווען און פון ברויט־נדבות פאַר גרויסע צאָלן. טעג, וואָס זיינען אומ־ווירדיק פאַר אַ מענטשן, וואָס וויל לעבן פון דער אַרבעט פון זיינע הענט.

„און דאָס לאַנד איז געווען פאַראַבלט, אירע טויערן פאַר־שלאָסן, און די וועגן פון דער עליה וויסט. און גרויס איז געווען די צאָל פון די אָפּגעפאַלענע... אַ שטאַרקער דור, אַ שטאָלצער, ווילנפעסטער, האָט זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען. מענער מוטיקע און גלייברוקנדיקע, מיט יוגנט־קראַפט אין זייערע לענדן און מיט דער זעאונג פון דער רעוואָלוציע פאַר זייערע אויגן, האָבן פאַרלאָרן זייער אָנהאַלט. זיי האָבן פאַר־ראַטן דאָס לאַנד פון זייערע עלטערן און האָבן עס פאַר־לאָזן...

„אין יענע טעג איז אויפגעשטאַנען אין פאָלק אַ נייער הערשער, וואָס האָט נישט געקענט דעם יידישן אַרבעטער, זיין גייסט־אַנטוויקלונג, זיין לעבנסקראַפט און לעבנסוועג. און דער הערשער האָט געזאָגט זיך אין זיין האַרץ: „זאָלן זיי זיך צופאָרן, די אַרבעטסלאָזע, און עס וועט גרוימער ווערן. מער קיין קבוצות זאָלן נישט אויפגעשטעלט ווערן אין לאַנד. די, וואָס זיינען דאָ, וועלן אויך חרוב און בטול ווערן, און ווער

דאַרף האָבן די דאָזיקע לאַסט?״ און אַ גזירה איז אַרויס פון דעם הערשער: „עס זאָל נישט געגעבן ווערן מער קיין ערד פאַר דעם קבוצה־מין, און זאָלן זיך אים אונטערברעכן די פיס!״

און אין רחובות האָט געלעבט אַ קליין הייפל פון אַ קבוצה פון אַריינגעקומענע פון גלות ליטאַ. און אַ קלאַנג האָט צו זיי דערגרייכט: „עס איז פאַראַן ערד ביים נאַציאָנאַל־פאָנד לעבן רחובות!״ האָבן די קבוצה־לייט געזאָגט: „קומט און לאָמיר זי פאַרנעמען. מיר וועלן זיך באַפעסטיקן אויף איר פאַר דער צייט, ווען אַ נייע עליה וועט זיך אָנהייבן. און מיר וועלן צושטערן די גזירה פון דעם הערשער און מיר וועלן זיך אָנ־האַלטן אָן דער ערד מיט אונזערע נעגל און מיט דער קראַפט פון דעם אַרבעטער.״

דאָס שטיק ערד איז געווען ווייט פון אַ פּלאַץ, וואו מען וואָלט געקאָנט קריגן אַ טאָג אַרבעט, און קיין וואַסער איז דאָ נישט געווען. דער וועג צו אים איז געווען אַ וועג דורך טיפן זאַמד, אַ וויסטעניש, און נאָר אַ בעדואינער־געשריי און הונט־געביל אין די נעכט.

איז עס געווען זייער שווער פאַר דעם קליינעם הייפל מענטשן פון גלות ליטאַ, און מענטשן פון גלות וואָלין זיינען געקומען זיי צו הילף. און אין דער פסח־נאַכט זיינען זיי אַרויף אויף דער ערד, פאַנאַנדערגעלייגט אַ גרויס פייער און געטאַנצט אַרום אים אַ גרויסע האָרא. מיט פינפאונדרייסיק דערוואַקסענע און צוויי קינדער זיינען זיי אַרויף אויף דער ערד. זייער ווייניק מענטשן אויף צו באַפעסטיקן זיך...

„און אַ בשורה האָט דערגרייכט: אַ קיבוץ איז פאַראַן אין גלות אין הכשרה. ער וואַרט שוין דריי יאָר אויף זיין עליה...״

דאָס איז געווען די גרופּע ח י ר ו ת אין דייטשלאַנד. די ערשטע דייטשע יידן, וועלכע האָבן דערפילט, אַז זיי דאַרפן זיך באַצייטנס אַרויסראַטעווען פון דעם לאַנד, וואָס וועט באַלד אַרויסשפּייען אַלע זיינע יידן. די גרופּע האָט זיך פאַ־רייניקט מיט די ליטער און די וואָלינער, צוזאַמען זיינען זיי געוואָרן אַ גרעסערע קבוצה, און דעמאָלט איז אויך דעם „הער־

שער״ קלאָר געוואָרן, אַז ער וועט זיי אַפילו מיט קאַנאָנען נישט קאָנען אַראָפּטרייבן...

די הגדה דערציילט נאָר דעם אָנהויב, דערציילט נישט דאָס ווייטערדיקע. דערציילט נישט, וואָס די קבוצה איז זיך אַלץ אויסגעשטאַנען, ביז זי איז געקומען צו איר איצטיקן וווילשטאַנד. די גרויסע דחקות, דער חורבן פון יאָר 1929, דער מענטשן־פאַרלוסט... זי טוט עס נישט, ווייל דאָס איז שוין די אַלגעמיינע הגדה פון אַלע קבוצות אין ארץ ישראל.

אָבער מיט עפּעס טיילט זי זיך דאָך אָפּ פון אַלע אַנדערע קבוצות. מיט אַ גרויסן עפּעס. זי איז געוואָרן די היים פון צונויפגעפאָרענע פון צוועלף לענדער. אָט דער געמיש פון לענדער און קולטורן גיט איר אַ באַזונדערע פיזיאָנאָמיע, מאַכט איר אַ באַזונדערן פּלאַץ צווישן אַלע קבוצות.

וואוינט אויך אין גבעת ברענער די אַמעריקאַנער שריפט־שטעלערין דזשעסי זעמטער. זי איז געבאָרן געוואָרן אין ניו־יאָרק אין אַ הויז פון גרויסן רייכטום און פולשטענדיקער אַסי־מילאַציע. ביז אין אירע צוואַנציקער יאָרן האָט זי נישט גע־וואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן יידישע פּראָבלעמען. ווען זי האָט זיך דערוואוסט, איז זי אויפגעלייזט געוואָרן אין זיי. דעמאָלט האָט זי פאַרלאָזן איר היים און אוועק אין ארץ ישראל. דאָרטן איז זי אריינגעצויגן געוואָרן אין דעם לעבן פון דער אָרגאַניזירטער יידישער ארבעטערשאַפט. אין די לעצטע יאָרן האָט זי אויפגעבויט אין גבעת ברענער אַ קליין סאַנאַ־טאָריום, און אים גיט זי אַוועק איצטער איר גאַנצע צייט און אויפמערקזאַמקייט.

וואָס פאַר אַ שיינער קאַפּיטל אין אַ פאַרגרעסערטער הגדה!

ווי דער קאַפּיטל קסעניאַ פּאַמפּילאָוואַ אין נ ע נ ה, דער דערבייאיקער קבוצה פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט. אַ רוסין פון דער מוטערס בויך, אַ סאָציאַליסטין־רעוואָלוציאָנערין, האָט זי פאַרבונדן איר אָנקומענדיקע עלטער מיט דעם לעבן פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט אין ארץ ישראל און געמאַכט איר היים אין נענה. רעדט העברעאיש און קוועלט אָן פון אירע

קינדערלעך, וועמען זי דינט מיט שערן די האָר און פאַרשיי־דענע אַנדערע זאַכן, וועלכע זי האָט אויפגעכאַפּט אויף איר לעבנסוועג.

אָבער נענה האָט נאָך דעם יידישן שריפטשטעלער און הערלעכן מענטש מענדל ראָזנבאום. אַ זייער טעטיקער סאָ־ציאַליסט־רעוואָלוציאָנער אין זיין יוגנט, האָט ער געפונען זיין צווייטע יוגנט ביי די גאַנץ יונגע מענטשן פון דער ארבעטנ־דיקער ארץ ישראל, און ער איז דאַכט זיך נאָך קיינמאָל נישט אזוי יונג געוועזן. נענה איז אים געוואָרן אַלץ אין לעבן. אַ לעבנסלאַנגער פריינט און מיטגייער פון דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט ער אפילו זיין יידישיזם פאַרגעסן. זיין גרעסטער יום טוב וועט ביי אים זיין, ווען נענה וועט זיין אימשטאַנד אויסצובויען זיך אַ שווימבאָד.

פאַר פיר יאָרן איז נענה נאָך געוועזן די אָרעמסטע צווישן אַלע קבוצות. הונדערט און עטלעכע און דרייסיק יונגע מענטשן האָבן זיך דאָ באַזעצט אויף דער ערד פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד צו באַארבעטן זי און צו זוכן זיך פרנסה ערגעץ־וואו דרויסן, און צו פאַסטן תעניתים, אויב זיי ווילן די פרנסה נישט געפינען, און יאָרנלאַנג האָבן זיי געלעבט אין האַלב־הונגער.

און איצטער! די צאָל מיטגלידער איז פאַרפירפאַכט, דער שטח פון דער קבוצה איז מער ווי פאַרפירפאַכט. אַ גאָרטן, אַ פּרדס, בהמות, הינער... אנשטאָט געצעלטן, ווי פאַר פיר יאָרן; שטייען שוין שורות בעטאָנהייזער, און עס ווערט געמויערט אַ גרויס עס־צימער. פון הונגער איז קיין שפּור נישטאָ...

דורך דער אַנטוויקלונג פון דעם ניו יאָרקער דר. מאיר ראָזאָווס פלאַנטאַציע־אונטערנעמונגען לעבן נענה האָט די אר־בעטנדיקע יוגנט פון דער קבוצה געקראָגן ארבעט. מיט דער הילף פון דר. ראָזאָוו האָבן זיי אויך צוגעקראָגן נאָך ערד. אָבער דערצו איז נענה איצטער דער אָרט, וואו עס ווערן געמאַכט קינדער־וועגעלעך פאַר גאַנץ ארץ ישראל!

מיט דעם אָנקום פון פראָספּעריטעט האָט נענה אויך געענדערט איר נאָמען. רופט זי נישט מער נענה, וואָס איז

דער נאָמען פון דערבייאיקן אראבישן דאָרף, רופט זי איצטער נען (נאאן), וואָס איז עכט העברעאיש.

גייט נישט אן אראבער אהער? זעט, אן אראבער קומט אָן!

עס מאכט נישט. מיר האָבן זיי דאָ אָפט. זיי קומען צו אונז קויפן ווייץ. פעלאכן פון דעם דערבייאיקן דאָרף נענה.

זיינען זיי טאקע פריינטלעך?

ניין. זיי האָבן בלויז מורא פאַר אונז.

לעבט איר אין פולער רואיקייט?

אָ, ניין! כמעט נאכט אין נאכט שיסט מען. פונדער־ווייטנס. זיי האָבן גוטע ביקסן. מיר שטייען שמירה. מיר האָבן א וואכטורם. מיר זיינען גרייט.

זיינען די נעכט ביי אייך אומרואיקע, איינגעשלאָסענע?...

ווער זאָגט עס! היינט ביי דער נאכט וועלן מיר האָבן מיט אייך א פאָרלעזונג און דוקא אין דרויסן, און אלע וועלן זיין פארקליבן, נאָר די שמירה־שטייער וועלן פעלן...

7.

## אין שווארצער פלעק און אַ סך ליכטיקייט

צווישן תל אביב און רחובות ליגט די קאָלאָניע נס ציונה — די פאָן נאָך ציון, אַ שווארצער פלעק אין אַ ליכטיקן ווינקל פון יידישער אויפלעבונג.

אין אָנהויב האָט נס ציונה געהייסן — וואדי חאנין — רויזנטאָל. אַ נאָמען פון דער הגדה. פון אַן אראבישער מעשהלע מיט אַ פרינצעסין, וואָס האָט געבענקט נאָך רויזן, און פון איר מאַן דעם שייך, וועלכער האָט אויף דעם פּלאַץ געלאָזט פאַרפלאַנצן אַזויפיל רויזנגאָרטנס וויפל טעג אין יאָר און צוגעשטעלט איר יעדן טאָג פרישע רויזן, יעדן טאָג פון אַן אַנדער גאָרטן. אָבער ראובן לערער, דער אָדעסער גביר, וועלכער האָט אָפּגעקויפט דעם דאָזיקן פּלאַץ אין יאָר 1882, האָט דאָ געפונען העסלעכן מדבר און געפערלעכע שכנים, פון וועלכע ער איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן און וועלכע האָבן ביי אים צוגעגנבעט דאָס ביסל תבואה, וואָס ער האָט אַראָפּגענומען פון זיינע זייער מאָגערע פעלדער. צו זיין זיכער מיטן לעבן און מיט דער מי פון זיינע הענט האָט ער געמוזט האָבן אַרום זיך נאָך יידן. האָט ער פאַרקויפט שטיקער פון זיין ערד און אַרומגערינגלט זיך מיט יידן. צווישן די קויפער איז אויך געווען די אַרבעטער־גרופּע נס ציונה. איר נאָמען האָט שפּעטער פאַרביטן דעם אַראבישן נאָמען. אפשר דערפאַר, וואָס דאָ איז צום ערשטן מאָל, אַ סך יאָרן פאַר דעם ערשטן ציו־

גיסטישן קאָנגרעס, אויפגעהויבן געוואָרן די ווייסבלויע פאָן פון ציון.

דערציילן זיך אַזוי שיין די מעשיות פון נס ציונה, און אונזער באַגלייטער ווייס זיי אַלע, קאָן זיי אַזוי גוט דערציילן. אָבער —

„אַנטשולדיקט, וואָס זיינען דאָס אַזויפיל אַראַבער אויפן וועג?"

„מיר פאָרן איצטער דורך נס ציונה, און דאָס זיינען אירע אַראַבישע אַרבעטער. כאַפּט שנעל אַ קוק. איר וועט דער־זען אַ מעטשעט, אַ מאַכמעדאַניש געבעט־הויז. דאָס האָבן די אַראַבישע אַרבעטער דערוויזן צו באַפעסטיקן זיך דאָ. די ייִדישע קאָלאָניע מיט דעם קלינגענדיקן נאָמען נס ציונה איז אויף אייביק פאַרקנסט מיט די אַראַבער. יאָ־אָ!

„ווי איז עס געקומען? נישט חס ושלום דורך פעלקער־פאַרברידערונג, נאָר דורך גײַעג נאָך ביליקער אַרבעט. די ערשטע קאָלאָניסטן פון וואדי חנין האָבן געוואָלט זעלבסט־אַרבעט אָדער באַשעפטיקן ייִדישע אַרבעטער, אום אַריינצוגעמען וואָס מער ייִדן אין לאַנד. זייערע זין אָבער האָבן אַליין ווייניק געאַרבעט און ייִדישע אַרבעטער אינגאַנצן נישט באַשעפטיקט. זיי האָבן דערקלערט, אַז יעדער גרוש, וואָס זיי צאָלן אַ ייִדישן אַרבעטער מער ווי אַן אַראַבישן, איז ווי אַ נדבה דעם ייִדישן אַרבעטער, און זיי ווילן נישט זיין אַזעלכע בעל צדקהס. איז אַוועק אַ גאַנג צו באַשעפטיקן אַראַבישע אַרבעטער.

„איך רעד נישט קעגן באַשעפטיקן אַראַבישע אַרבעטער, כאָטש איך ווייס נישט, ווער איז ביליקער. קודם כל וויל איך וויסן, וואָס האָבן די אַראַבער געטאָן, איידער די ייִדן זיינען געקומען. מיר האָבן נישט אַוועקגענומען און מיר נעמען נישט אַוועק ביי זיי זייער ברויט. זיי קאָנען זיך וייטער טאָן, וואָס זיי האָבן פריער געטאָן. אָבער מילא, זאָל אונזערס אַריבער, נאָר מיט אַ מאָס. מיר טאָרן נישט אויפבויען אונזער ווירט־שאַפט אויף זייער אַרבעט. וואָס וועלן מיר דעמאָלט טאָן? וואָס וועט ווערן מיט די ייִדישע מאַסן, וואָס דאַרפן נאָך אַריינקומען אין לאַנד? אָבער די, וואָס באַשעפטיקן אַראַבער,

האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן זייער פאָלק און דעם גאַנצן צוועק פון דער עליה, פון דעם אויפבוי פון ארץ ישראל. זיי ווילן נאָר זיך אַליין אויפבויען. זיי זיינען געוואָרן פאַמעשטשיקעס, קאַפּיטאַליסטן, וואָס ווילן רייך ווערן דורך פרעמד־ער ארבעט. וואָס ביליקער די ארבעט, אַלץ מער וועלן זיי אָפּלייגן פאַר זיך. און אַזוי איז נס ציונה פאַרפלייצט געוואָרן מיט ביליקער אראַבישער ארבעט.

„נאָך די בלוטיקע געשעעענישן פון 1920 האָבן זיך די נס ציונהר דערשראָקן און אוועקגעשיקט זייערע אראַבער. דער שרעק האָט אָנגעהאַלטן אַ קורצע ווײַלע בלויז. באַלד האָט ער זיך אויסגעוועפּט. די תאווה נאָך ביליקער ארבעט און גרע־סערע פאַרדינסטן האָט געשטאַרקט די נערוון, און עס איז גע־וואָרן ווידער אַן אויסכאַפּעניש אויף אראַבישע ארבעטער. אין 1929 ווידער אַ גרויסער שרעק, און צוריק דיזעלביקע געשיכטע. יום כיפור שלאָגט מען זיך על חטא, און אויף מאָרגן זינדיקט מען ווידער. איצטער לעבן זיי ווידער איבער דעם גרויסן שרעק, אָבער זיי קאָנען אים נישט אָפּטרייסלען פון זיך. זיי קאָנען זייערע אראַבישע ארבעטער נישט אַוועקשיקן. זיי זיינען דאָ איינגעפונדעוועט. זיי האָבן דאָ אַ מעטשעט.

„איר קוקט זיך אָן דעם פּלאַץ. פּרדסים און פּרדסים. אויב נישט קיין רוויזנטאַל, איז עס איצטער אַן אַפּעלסינענטאַל. דער מדבר איז פאַרשוואונדן. אָבער די שכנים זיינען די אַמאָ־ליקע, נאָר נאָך אין אַ פאַרגרעסערטער צאָל, און עס הערשט די אַמאָליקע אומזיכערקייט מיטן לעבן און מיט האָב און גוטס. זייערע ארבעטער ליגן איצטער ווי אַ שוואַרצער פּחד אויף די נס ציונהר אַליין און אויף דעם גאַנצן אַרום. מיר זוכן איצטער צו פאַרבינדן די יידישע דערפער מיט נייע וועגן, וועלכע זאָלן נישט באַרירן די אראַבישע מערדער־נעסטן. און אָט האָט אַ יידישע קאָלאָניע פאַרפרעמדט אונז אַ שטיק יידישן וועג, און מיר וועלן מוזן זוכן אַן אַנדער פאַרבינדונג.

„ווי אַנדערש איז ראשון לציון, צו וועלכער מיר פאָרן איצטער צו! זי איז געוועזן אַן ערשטע אין ציון און איז גע־בליבן אַן ערשטע..."

ראשון לציון ליגט אין צפון פון נס ציונה, אכט קילאָמעטער פון תל אביב. איר ערד איז מיט פינף און פופ־ציק יאָר צוריק געווען וויסט און ליער, אָן פלאַנצן און אָן וואַסער. ווען די קאָלאָניסטן האָבן זיך אויף איר באַזעצט, זיינען זיי שיר נישט אומגעקומען פאַר דורשט. די וואַסער־קוואַל, וואָס אַ קאָלאָניסט האָט מיט שמחה אנטדעקט, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ קוואַל פון קראַנקהייטן און טויט. די אַראַ־בישע שכנים האָבן געוואוסט פון איר און געהאַט אפילו אַ נאָ־מען פאַר איר. עיון קארא — שלעכטע קוואַל, ווייל דאָס וואַסער איז געווען שלעכט און פאַרעיפּושט, אַ בריפלאַץ פאַר מאָסקיטאָס, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך דאָס גיפט פון מאַ־לאַריע. די יידן אָבער האָבן באַשלאָסן, אַז דאָס מוז זיין דער עין הקורא — די וואַסער־קוואַל, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו גיין פון דער אייזלשער באַק, מיט וועלכער שמשון הגיבור האָט צושלאָגן די פלשתים, ווייל דאָס וואַסער האָט שטאַרק געשמעקט מיט נבלה. אויפן בית עולם אין ראשון לציון געפינען זיך אַ סך קברים פון מאַלאַריע־קרבנות.

אַ צוגאָב צו דעם מדבר און דער דורשט זיינען געווען די שכנים. גזלנים און רויבער, וואָס האָבן געמאַכט די אַרו־מיקע וועגן אומזיכער אפילו אינמיטן העלן טאָג. אויפן בית עולם געפינען זיך קברים פון זייערע קרבנות.

אָבער דעם שווערסטן, ביטערסטן קאַמף האָט ראשון לציון דורכגעמאַכט מיט די אַדמיניסטראַטאָרן, מיט וועלכע דער באַ־ראָן ראָטשילד האָט זי פאַרזען. דאָס איז אַ לאַנגער צעטל פון רדיפות, אונטערדריקונגען און געמיינע באַליידיקונגען, וועלכע אַ סך פון די גרינדער פון דער קאָלאָניע האָבן נישט געקאָנט אַריבערטראָגן און זיינען זיך צולאָפן.

אַלץ, אַלץ ווערט איצטער דערציילט אין פריידן, ווייל ראשון לציון איז אויסגעהיילט געוואָרן פון אַלץ. אפילו דער עיון קארא איז איצטער געוואָרן צוריק דער עין הקורא, וואָס האָט דערקוויקט דעם דורשטיקן שמשון און אַריינגעטאָן אין אים אַ ניי לעבן און אַ נייע גבורה.

ראשון לציון, וועלכע צושיקט אירע ווייגען איבער דער

גאַנצער וועלט, איז אַ גאַנצע שטאָט. עטלעכע טויזנט איינ־וואוינער, אַ פּילצאָליקע יידישע אַרבעטערשאַפט, וועלכע גיט איר זעלבסטבאַוואוסטזיין און זיכערקייט. זי קוקט קיין איש אַראָפּ פון אירע בערגלעך צו די אַרומיקע אַראַבישע דערפער, און זיי ווייסן, אַז זי האָט פאַר זיי קיין מורא נישט.

„געברויכט נישט דאָס וואָרט מורא,״ זאָגט אונז אַ מיידל פון דעם משק הפועלות, דער אַרבעטערקעס ווירטשאַפט אין עינות (איאַנאָט), נישט ווייט פון ראשון לציון.

אַ מיידלשע פאַרם, וואו אַ הונדערט מיידלעך גרייטן זיך צו דאָרף־לעבן און דאָרף־אַרבעט, געפירט פון דער הערלעכער עדה פישמאַן. אַראַבער פון אַ דערבייאיקן דאָרף שיסן אָפט אַריבער זייערע קוילן. די וואַנט פון דעם פּרעכטיקן קאָמונע־הויז, וועלכע איז צוגעווענדט צום אַראַבער־דאָרף, איז באַ־צירט מיט אויסגעשאָסענע גריבלעך. אָבער די מיידלעך גייען אָן רואיק מיט זייער אַרבעט. קיין איינע באַווייזט נישט קיין סימן פון קיין מורא. די אַראַבער שיסן נאָר פונדערווייטנס און אין פינסטערער נאַכט, דערוועגן זיך נישט צו צוקומען נאָענט. ווען זיי וועלן צוקומען, וועלן די מיידלעך ווייסן ווי צו פאַרטיידיקן זיך.

מיר האָבן געזען די דאָזיקע פאַרם פאַר פיר יאָרן און וואָלטן זי איצטער נישט דערקענט. וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרן פאַרטשריט זי האָט געמאַכט!

„ווי אַלץ אין ארץ ישראל,״ האָט אונטערגעזאָגט אונזער באַגלייטער. „זייט איר פאַר פיר יאָרן געוועזן אין בית חנן?״

„האָבן דעם נאָמען אפילו נישט געהערט.״

„אַ מושב פון בולגאַרן.״

„פון בולגאַרן?!״

„איך מיין, פון בולגאַרישע יידן.״

„וואו ליגט דער מושב?״

„נישט ווייט פונדאַנען.״

„פאָרן מיר!״

מיר האָבן אַמאָל מיט יאָרן און יאָרן צוריק געהאַט אַ זייער גוטן פריינט אַ בולגאַרישן שריפטשטעלער, האָב איך זיך ביי

אים נאָכגעפרעגט, ווי זיינען עפּעס די בולגארישע יידן.

„איך קען זיי נישט," האָט ער געענטפערט, „אָדער איך קען זיי פון אויבן־אויף. און פון אויבן־אויף וואָלט איך געזאָגט, אַז ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך. נו, און מיינע בולגארן שטייען זייער נידריק. מיר זיינען אַ פאָלק פון אנאלפאבעטן, ווילד־פארוואקסן ווי אונזערע בערג, פינסטער ווי אונזערע מאזימדיקע בארגריסן. מיר טרעטן ערשט אריין אין דער מאָדערנער וועלט־קולטור. די יידן קאָן זיין שטייען אַ ביסל העכער. זיי האָבן געוויס עפּעס פון זייער אַלטער קולטור. אָבער דער ארום, די סביבה, זי שלעפּט אראָפּ. צווישן וואלד־מענטשן מוז מען פארווילדט ווערן."

אויב די יידן אין בולגאריע זיינען ווי דאָס פּאָרפאָלק, מיט וועלכן מיר זיינען באקאנט געוואָרן אין בית חנן, האָט מיין פריינט זיי טאקע אבסאָלוט נישט געקענט.

זיי זיינען געוועזן בולגארישע סאָציאַליסטן, געוואָלט פאַרבינדן די אויסלייזונג פון דעם יידישן פאָלק מיט דעם זיג פון סאָציאַליזם. ביז עס איז זיי געוואָרן קלאָר, אַז ביז עס וועט קומען די נחמה, וועט די יידן אויסגיין די נשמה. די רעוואָלוציע וועט קומען, דער סאָציאַליזם וועט געוויס זיגן, אָבער די יידן וועלן צודריקט ווערן אונטער די רעדער פון דעם קאמפוואָגן, וועלכע באוועגן זיך זייער לאנגזאם. בולגאריע האָט שוין פאשיזם, דיקטאטור און יידנהאס. פאַר יעדן רעוואָלוציאָנערן סער, וועלן באצאָלן די יידן. יידן אלס כלל. יידן אלס אַ פרעמד פאָלק. צי קאָנען זיי נישט קעמפן דעם קאמף פון סאָציאַליזם און דערביי נישט זיין דער שעיר לעזאזל אין דעם בלוטיקן קאמף פון פארטייען און לײדנשאפטן? דער ענטפער איז: אַן אייגן לאנד, אַן אייגענע היים. דער ענטפער איז: ארץ ישראל.

דאָס זיינען געוועזן די געדאנקען פון אַ גרויסער גרופּע פון יונגע בולגארישע יידן. און אָט זיינען זיי אַלע אין ארץ ישראל, אַ טייל פון דער אָרגאניזירטער יידישער ארבעטערשאפט, לעבן פון זעלבסט־ארבעט און בויען אַ סאָציאַליסטישע צוקונפט פאַר אַ באפרייטן יידישן פאָלק.

און וואָס מכוח אראבישע אטאקעס?

דער יונגערמאַן, אין וועלכן מיר האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן דעם בולגאַר, האָט אָפּגעשמייכלט:

„וואָס אַטאַקירט מען אונדז נישט? וואָס לאָזט מען אונדז צורו? אָבער וואָס קאָנען מיר אַזוי געדולדיק אויפנעמען די אַטאַקעס און אָנגיין מיט אונדזער אַרבעט? וואָס קאָנען מיר, געטריבן פון אַטאַקעס, אַוועקשטעלן זיך בויען אַן אייגענעם פאָרט? וואָס קאָנען מיר, אַרומגערינגלט פון שונאים, אָנהויבן בויען אַ נייע שטאָט?"

יאָ, עס ווערט געבויט אַ נייע גרויסע שטאָט. אין דרום פון תל אביב און יפו, ביי דער באַרימטער אַגריקולטור־שולע מקוה ישראל. אויף די זאַמדן פון ים, וועלכע ציען זיך צענדליקער קילאָמעטער אין דער לענג און אַ זעקס זיבן קילאָמעטער אין דער ברייט, פאַרביי ראשון לציון, פאַרביי נס ציונה, פאַרביי רחובות און ווייטער און ווייטער, זאַמדן אָנגעטראָגענע דורך יאָרהונדערטער, בערג און טאָלן פון ברוינעם זאַמד, וועלכער האָט פאַרדעקט אפילו הויכע פאַלמען, וואָס זיינען דאָ אַמאָל געוואַקסן. אַ זאַמד־מדבר, אין וועלכן עס שפּילט זיך בלויז דער ווינט און קיין קאַץ אפילו קאָן נישט לעבן. אָבער ער האָט געהאַט אַ באַלעבאָס, געהערט צו אַן אַראַבישער פאַמיליע, וועלכע האָט איצטער פאַרוואַנדלט דעם זאַמד אין גילדענע מטבעות. פאַר שווערע טויזנטער האָבן די אומגעווינטשטע ייִדן אָפּגעקויפט ביי איר דעם זאַמד־ים און אַוועקגעשטעלט זיך בויען אַ נייע שטאָט. אַ שוועסטער־שטאָט צו תל אביב, וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן פונקט אויף אַזאַ זאַמד. די נייע שטאָט, זאָגט מען, וועט זיין גרעסער פאַר איר עלטערער שוועסטער. שענער אוודאי, ווייל זי וועט זיין פּלאַנמעסיקער: גאַסן און אַלייען ווערן אויסגעלייגט פון ספּעציאַליסטן שטאָט־בויער.

וואונדערלעך צו צוזען, ווי באַרג און טאָל ווערן אויסגעגליכט, דער אויסגעגלייכטער זאַמד ווערט באַוואַסערט, איינגעטריקנט, און באַלד ווערט ער באַדעקט מיט גראָז, פאַרפּלאַנצט מיט ביימער, באַגאָסן מיט אַספאַלט, באַבויט מיט הייזער. גאַסן נאָך גאַסן. אפילו דער נציב העליון, דער הויי־קאָמישיאָנער, קאָן זיך נישט אָפּוואונדערן, ער פאָרט אָפט אָן נישט־אָנגע־

זאַגטערהייט און קוקט און קוקט, און קלייבט התפּעלות.

עס האָבן זיך שוין אַריינגעקליבן אין דער נייער שטאָט פאַרשיידענע פאַבריקן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט קריגן קיין פּלאַץ אין תּל אביב, און זייערע באַלעבאַטים האָבן זיך שוין דאָ באַזעצט אין פּאַלאַצן־הייזער. עס בויט זיך אַ קוואַרטאַל, וואָס טראָגט דעם נאָמען קריית סופרים, שרײַבטשטעלער־שטאָט, אַ קוואַרטאַל מיט אייגענע הייזער פאַר שרײַבשטעלער, וואָס וואוינען איצטער אין שכנות אין תּל אביב. און דער עיקר! עס בויט זיך אַ קריית עבודה — אַן אַרבעטער־שטאָט מיט אייגענע הייזער פאַר צענטויזנט אַרבעטער. און ווייל די יידישע אַרבעטער אין ארץ ישׂראל זיינען די פּליי־סיקסטע און געטרייסטע טרעגער פון קולטור, בויען זיי אין זייער אַרבעטער־שטאָט אַ סטאַדיאָן און אַ גרויסן טעאַטער, וואָס וועט אויפגעעפנט ווערן אין יאָר 1938.

„איר הערט מיין וואָרט," האָט אונז געזאָגט דער חבר פון בית חנן. „אָט די נישט אויפהערנדיקע בוי־אַרבעט, אָט די וואונדערבאַרע ענערגיע, אָט די פעסטע אַנטשלאָסנקייט, וועלכע האַלטן ביי אונז אָן אונטער אַלע אומשטענדן, זיי וועלן סוף כל סוף אוועקנעמען ביי די אַראַבער דעם חשק צו צושטערן. זיי וועלן מוזן ווערן אונזערע פריינט."

.8

## פון תל אביב ביז פתח תקוה

אַ יידישער וועג. אַ זיכערער וועג. מען ווייס, דאָ וועלן נישט אָנגעשאָסן ווערן קיין טשוועקעס. דאָ וועט קיין מערדער־האַנט נישט אויסשיסן פון הינטער אַ בוים אָדער אַ פעלז. דאָ קאָן מען רואיק באַוועגן זיך.

דאָך נישט אומעטום. אָט גייט דער וועג פאַרביי דעם פּרדס פון אַ רייכן יידן, וועלכער איז אַ שטאַרקער אָנהענגער פון אַראַבישער אַרבעט, ווייל זי איז אַ סך ביליקער פאַר דער יידישער. ער האַלט פון איר אויך איצטער אין די טעג פון אומרו און מאָרד. ער האָט זיינע אַראַבישע אַרבעטער נישט אָפּגעזאָגט. זיין פּרדס איז גרויס. די בוימער אין אים געדיכט און פאַרצווייגט. ווער ווייס, צי עס באַהאַלט זיך נישט צווישן זיי איינער מיט מאָרד אין האַרצן און אַ רעוואָלווער אין האַנט?... און אָט גייט דער וועג איבער אַ קליינעם בריקל, וואָס נעמט צוזאַמען די ברעגן פון אַ קליינעם גראָבן. די אַראַבער האָבן שטאַרק חשק אויפצורייסן דאָס בריקל און צו פאַרהאַלטן דעם רוישיקן יידישן פאַרקער. זיי האָבן שוין געמאַכט אַ פּאָר פאַרזוכן, שטייט ביים בריקל אַ באַוואָפנטע וואַך. וואַכט בייטאָג און ביינאַכט. אַ דערמאָנונג, אַז די וועגן פון ארץ ישראל זיינען ווידער נישט זיכער...

דער וועג צווישן תל אביב און פתח תקוה איז שוין פאַר פיר יאָרן געוועזן אַ זייער לעבעדיקער נערוו. די אומרוען האָבן

אים נישט געקאָנט נישט נאָר אָפּטויטן, נאָר אפילו אָפּשוואַכן. נאָכאַנאַנד באָסעס, אויטאָמאָבילן, לאַסט־מאָטאָר־וואָגנס, פערד־און־וואָגנס, בייסיקלס און פוסגייער לרוב. דער ישוב פון ביידע זייטן פון וועג איז פאַרגרעסערט געוואָרן, אַ סך באַפעלקערטער געוואָרן. פון קליינע קאָלאָניעס דאָ זיינען געוואָרן גרויסע דער־פער, און פון דערפער זיינען געוואָרן שטעט. אַרבעטנדיקע, האַנדלענדיקע, אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט נאָנט און מיט ווייט.

אָט איז רמת גן (ראַמאַט גאַן)... א י ז דאָס רמת גן? נישט צו דערקענען. פאַר פיר יאָרן עטלעכע ווייסע הייזער מיט גאָרטנס און פּרדסים, אַרומגערינגלט פון גרויע ווייסטע בערגלעך. פון איינעם פון די בערגלעך האָט אַראָפּגעקוקט מיט טויטע לעכער די געביידע פון דעם אַרבעטער־סאַנאַטאָריום, וועל־כע האָט נישט געקאָנט פאַרענדיקט ווערן, ווייל עס האָט אויסגעפעלט דאָס נויטיקע געלט. שטיל איז דאָ געוועזן און רואיק. אַן אָפּרו־פּלאַץ פאַר מידע נערוון. ווען דער פאַרשטאָר־בענער חיים נחמן ביאַליק האָט נישט געקאָנט מער אַריבער־טראָגן דעם רעש פון תּל־אביב, האָט ער זיך פאַרקליבן אין דער שטילקייט און רואיקייט פון רמת גן. אָבער פאַר די לעצטע פיר יאָר איז רמת גן געוואָרן אַן אינדוסטריעלער צענטר מיט אַ סך פאַבריקן, ענג מיט הייזער און מענטשן. און אויך דער אַרבעטער־סאַנאַטאָריום איז פאַרענדיקט געוואָרן. אַ שיינע גע־ביידע מיט דעם וואוילקלינגענדיקן און פיל פאַרשפּרעכנדיקן נאָ־מען ה ח ל מ ה (האַכלאַמאַ) — געזונט־ און שטאַרק־מאַכעריי. ד״ר דאָראַ בלאָך, די פרוי פון דעם געוועזענעם אַרבעטער־מעיאָר פון תּל אביב דוד בלאָך, שמייכלט אַ שטאָלצן שמייכל. זי האָט אויסגעפירט אירס. האָט נישט גערוט, געקליבן ציגל אויף ציגל און אויסגעבויט דעם סאַנאַטאָריום און פאַרזען אים מיט אַלע נויטיקע זאַכן, ער זאָל זיין אַן אמתע געזונט־ און שטאַרק־מאַכער פאַר די אַרבעטער, וואָס וועלן זוכן אין אים הילף און היילונג. אַמעריקע האָט זיך נישט אויסגערופן צו העלפן איר, איז זי אויסגעקומען אַן אַמעריקע. אָבער אפשר ווייל אַמעריקע דאַרף אַ ביסל אונטערהעלפן? זי דאַרף נויטיק אַ

צווייטע געביידע. דער דראַנג פון פּאַציענטן איז זייער גרויס. דער ישוב ווערט אַלץ גרעסער...

„מיר בויען דעם סאַנאַטאָריום נישט פאַר זיך אַליין. מיר בויען אים אויך פאַר די אומבאַקאַנטע צאָלן, וואָס וועלן נאָך אָנקומען אין לאַנד. מיר בויען אים אויך פאַר די אַמעריקאַנער חלוצים. מעג דאָך אַמעריקע אונטערהעלפן. ווי מיינט איר?"

מיר זאָגן איר שלום! און פאָרן ווייטער...

און אָט איז שוין פּתח תקוה, די מוטער פון אַלע יידישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל.

פאַר פיר יאָרן אַ קליין שטעטל פון פינפטויזנט איינוואוי־נער, איצטער אַ שטאָט פון צוואַנציקטויזנט איינוואוינער. אַ רוק געטאָן זיך, צושפּרייט זיך, צוזאַמענגעוואַקסן זיך, אַ כרך געוואָרן, די פּערטע אין דעם יידישן ישוב.

אויך זי איז נישט געבליבן בלויז ביי פּרדסים. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין איר אַן אינדוסטריע־אַנטוויקלונג. זי איז געוואָרן דער זיץ־אָרט פון אַ סך פאַבריקן.

פאַר פיר יאָרן אַ קליין ליטוויש שטעטל מיט אַ סך אַראַבער אין אירע גאַסן, די ביליקע אַרבעטער אין אירע פּרדסים. די אומרוען האָבן זי געמאַכט אַראַבער־ריין.

„נישקשה," פאַרזיכערט אַ באַליבטע קרעמערין, „מיר וועלן זיי האָבן צוריק. אונזערע הסתדרותניקעס וועלן נישט לאַנג געוועלטיקן..."

די באַציאונגען פון דער מוטער פון די יידישע קאָלאָניעס צו יידישער אַרבעט און צו יידישע אַרבעטער האָט זיך ווייניק הייסט עס געביטן. די געשיכטע פון די דאָזיקע באַציאונגען איז אַ זייער טרויעריקע און באַשעמענדיקע. זי האָט זיך אָנגעהויבן גלייך ווי עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע יידישע אַרבעטער אין די יאָרן 1904—1905. דאָס זיינען געוועזן יונגע חלוצים, אידעאַליסטן, וועלכע האָבן געוואָלט ווערן אַרבעטער און דווקא אין ארץ ישראל, ווייל נאָר אויף אַרבעט וועט זיך דאָס יידישע פאָלק קאָנען איינבויען צוריק אין זיין אַלטן לאַנד. אָבער ווען זיי זיינען געקומען בעטן אַרבעט ביי די יידישע אַרבעטגע־בער, האָבן זיי די אַרבעט נישט געקאָנט קריגן.

דער ערשטער אויסרייד איז געוועזן: זיי זיינען נישט פרום, זיי זיינען מחלל שבת, און מען וועט באגיין אן עבירה, ווען מען וועט זיי געבן ארבעט. מען טאר אויף זיי קיין רחמנות נישט האבן. ווען די ארבעטער האבן ארגאניזירט א טרויער־אוונט פאר די געהרגעטע און רואינירטע אין די פאגראמען פון 1905, האט מען זיי אריינגעלייגט אין חרם און גוזר געוועזן אויף זיי צו פארלאזן די קאלאניע.

שפעטער, ווען די פרומקייט האט א ביסל אפגעלאזן, איז דער אויסרייד געוועזן, אז די יידישע ארבעטער זיינען גאר קיין ארבעטער נישט, קאנען נישט האלטן קיין גראב־אייזן אפילו, מ׳דארף זיי ערשט לערנען, און ווער האט דערצו צייט. אין דער אייגענער צייט אבער פלעגן זיי אנשטעלן אראבער, וואס זיינען אויך קיין ארבעטער נישט געוועזן, און מען האט זיי ערשט געדארפט לערנען.

די יידישע ארבעטער האבן נישט אפגעלאזן. זיי זיינען זיך נישט צולאפן, ווען מען האט זיי אריינגעלייגט אין חרם, נישט אויסגעמאכט זיך פון ווייטועגדיקע באליידיקונגען און נישט אויפגעהערט צו פאדערן ארבעט אין נאמען פון אויפבוי פון פאלק. די, וועלכע האבן סוף כל סוף געקראגן ארבעט, האבן געקאנט לייכט איבערצייגן די באלעבאטים, אז עס לוינט זיך זיי צו באשעפטיקן יידישע ארבעטער. אפילו ווען זיי זאלן זיי צאלן מער. די יידישע ארבעטער האבן געקוקט אויף די זיי אנגעטרויטע פרדסים, ווי אין זיי וואלט געלעגן די צוקונפט פון דעם גאנצן יידישן פאלק. זיי האבן דערפאר אריינגעטאן אין זייער ארבעט א סך ליבע און אויפמערקזאמקייט, געארבעט מער, וויפיל מען האט דערוואַרט פון זיי, באצויגן זיך ווי צו אייגנס. אבער די באלעבאטים האבן זיך נישט געלאזן איבער־צייגן, נישט געוואלט זיין איבערצייגט. זיי האבן געדארפט האבן שקלאפן, נישט ארבעטער. ביי דער קלענסטער געלעגנ־הייט האבן זיי אפגעזאגט זייערע יידישע ארבעטער.

אויב איין יידישער ארבעטער האט זיך מיט וואס פאר־זינדיקט, איז דער כעס אויסגעגאנגען צו אלע יידישע ארבעטער. די אראבישע ארבעטער האבן געגנבעט און געגזלט און אפט

אויך געשלאָגן זייערע יידישע אַרבעט־געבער, אָבער דאָס האָט נישט פאַרקלענערט זייער צאָל. ווען אַ יידישער אַרבעטער האָט זיך איינמאָל דערוועגט צו זאָגן אַ וואָרט קעגן זיין באַלעבאָס, האָט דער באַלעבאָס גלייך געשוואָרן, אַז ער וועט מער נישט אַרויפלאָזן קיין פוס פון אַ יידישן אַרבעטער אין זיינע פרדסים, און האָט געהאַלטן זיין שבועה...

ווען הונדערטער יידישע אַרבעטער זיינען אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט און אָן ברויט, זיינען קאָלאָניסטן פון פתח תקוה אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און צוזאַמענגענומען אַראַבישע אַר־בעטער, און ווען עס האָבן זיי נאָך אַלץ אויסגעפעלט הענט, האָבן זיי באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען אַרבעטער פון מצרים. דעם דאָזיקן באַשלוס האָבן זיי נישט געקאָנט אויספירן, ווייל די יידישע אַרבעטער האָבן זיך צייטיק דערוואוסט פון אים און אויפגעהויבן אַ רעש. ארץ ישראל מוז ווערן אַ היים פאַר יידישע מאַסן, וואָס ווערן געצוואונגען צו אימיגרירן דורך רעכטלאָזיקייט און פּאָ־גראָמען, און אַט ווילן יידישע מענטשן שאַפן אַ קינסטלעכע אימיגראַציע פון עגיפּטישע אַרבעטער! עס איז אויפגערודערט געוואָרן די עפנטלעכע מיינונג, עס האָט זיך אריינגעמישט דער פּאַלעסטינישער קאָמיטעט פון ירושלים, און דער פאַרברעך איז אָפּגעשריען געוואָרן. אָבער די קאָלאָניסטן האָבן זיך דערפאַר נוקם געווען אין די יידישע אַרבעטער. קליינלעך, מגושמדיק: זיי האָבן דורכגעזעצט, אַז די יידישע אַרבעטער אין פתח תקוה זאָלן נישט קאָנען קריגן קיין מעדיצינישע הילף.

די יידישע אַרבעטער האָבן אויך די דאָזיקע געמיינהייט אַראָפּגעשלונגען און זיינען געבליבן אויפן אָרט, פון פתח תקוה נישט אַנטלאָפן. זיי האָבן זיך פאָרגענומען צו דעראָבערן זי פאַר יידישער אַרבעט און נישט אָפּגעלאָזן. זיי האָבן זיך אויס־געלערנט צו לעבן אין דער גרעסטער דחקות, נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן, זיין אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָבער זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אויך צו טיילן זיך מיט אַרבעט, צו טיילן זיך מיט פרנסה, צו טיילן זיך מיטן ביסן, און זיינען געוואָרן געשטאַרקט דורך דעם כוח פון קאָאָפּעראַציע. זייער געשלאָסנ־קייט האָט דעראָבערט איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער, און לאַנגזאַם איז אויך זייער צאָל געוואַקסן.

נאָך די בלוטיקע טעג פון 1920 האָבן די דערשראָקענע קאָלאָניסטן פארשוואָרן זיך נישט מער צו באַשעפטיקן אראבער. דאָס איז געוועזן אין מאַי. אין עטלעכע חדשים איז די צאָל פון די יידישע אַרבעטער אין פּתח תקוה אָנגעשטיגן ביז ווייט איבער טויזנט. אָבער אין סעפּטעמבער איז די מורא פארפלויגן. די שבועה פארגעסן געוואָרן. די טויערן פון פתח תקוה זיינען ווידער אויפגעעפנט געוואָרן פאַר די אראבער, און הונדערטער יידישע ארבעטער זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער ארבעט און געבליבן אָן ברויט. און ווידער אַ לאַנגזאַמער געדולדיקער קאַמף פאַר דעראָבערונג פון פּאָזיציעס, פאַר אַן אריינדרינגען אין דער ארבעט.

דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט נאָך די בלוטיקע טעג פון 1929. אָבער די יידישע אַרבעטער זיינען שוין געוועזן שטאַרק אָרגאַניזירט אין גאַנצן לאַנד, עס איז געקומען די צייט פון דער הסתדרות. די אַרבעטער פון פּתח תקוה האָבן שוין געהאַט הינטער זיך דעם אָרגאַניזירטן כוח פון דער גאַנצער אַר־בעטערשאַפט. מיט שטרייקן, מיט פּיקעטס, אָן מורא פאַר גע־דונגענע געננסטערס און געפענגניש־שטראָפן האָבן זיי דעראָ־בערט פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע, געוואָרן אַן אָרגאַניזירטער כוח אין דעם לעבן פון דער מוטער פון יידישע קאָלאָניעס, וועלכע האָט זיי אַזוי שטיפמוטעריש באַהאַנדלט — און וויל זיי נאָך באַהאַנדלען אַזוי עד היום.

פּתח תקוה איז געוועזן אין דער סכנה אַראַביזירט צו ווערן, אָראָפּצוזינקען צו דער שטופע פון קולטורלאָזיקייט. די יידישע אַרבעטער, וועלכע זי האָט געטריבן פון זיך, האָבן אריינגע־בראַכט קולטור, אריינגעטראָגן אין איר די גאַנצקייט פון דער אידעע פון פּאָלקסאויפבוי, אריינגעגעבן אין איר לעבנסגייסט און גייסטיקייט. די וועכנטלעכע לעקציעס, וועלכע זיי האָבן איינגעפירט, דער כאָר, וועלכן זיי האָבן אָרגאַניזירט, זייערע טעאַטער־אויפפירונגען, דער אַמפיטעאַטער מיט איבער צוויי טויזנט פּלעצער, וועלכן זיי האָבן אויסגעבויט, זייער וואַקסנדיקע ביבליאָטעק — דאָס זיינען אַלץ קולטור־פאַקטאָרן, וועלכע ווירקן איין אויפן גאַנצן לעבן פון דער וואַקסנדיקער שטאָט. אפילו

זייער פּרעכטיקע מ ר פּ א ה, די זייער מאָדערנע דיספּענסערי אין שטאָט, און דער וואונדערבארער ארבעטער־האָספּיטאל אויסערן שטאָט, וועלכער ווערט איצטער פאַרענדיקט, זיינען דערהייבונ־גען פאר דעם גאנצן כלל, וואָס הייסט פּתח תקוה.

אָבער די צייט פון רייבונגען איז נאָך נישט פאַריבער. די באַלייבטע קרעמערין האָט געוואוסט, וואָס זי האָט געזאָגט. די שרעקצייט וועט אריבער, די טויערן וועלן ווידער אויפגעעפנט ווערן פאר די אראבישע ארבעטער, פאר וועלכע מען האָט איצ־טער מורא. פּרעה וועט ווידער שטארקן זיין הארץ. ביז צו א נייער מכה. און ווידער קאמף פאר ארבעט־פּאָזיציעס. דערווייל טוען די באַלייבטע קרעמערין און דער באַלייבטער קאָלאָניסט און דער באַלייבטער פאבריקאנט וואָס זיי קאָנען נאָר צו „דערגיין די ארבעטער די יאָרן". איצטער ווען פּתח תקוה ווערט א שטאָט, זוכן זיי איינצופירן אזעלכע וואל־געזעצן, אז א גרויסער טייל פון די ארבעטער זאָל נישט קאָנען צוקומען צום שטימקאסטן. א צינז זאָל איינגעפירט ווערן, וועלכן א סך ארבעטער וועלן נישט קאָנען באצאָלן, געוויסע אויסערע טיילן פון שטאָט, וועל־כע זיינען באוואוינט פון ארבעטער, זאָלן נישט צוגערעכנט ווערן צו דער שטאָט. און אזוי ווייטער. די שולן פון פּתח תקוה, די עלעמענטארע און די מיטעלע, פירן צווישן די קינדער א האס־פּראָפּאגאנדע קעגן דער ארבעטער־באוועגונג, אזוי אז די ארבע־טער האָבן געמוזט ארויסנעמען זייערע קינדער פון די שולן און אויפבויען אייגענע שולן.

איינס פון די שטאָט־טיילן, וואָס איז פארמשפּט צו בלייבן דרויסן און נישט צוגערעכנט ווערן צו דער שטאָט, איז די קבוצה ג ב ע ת  ה ש ל ו ש ה — די קבוצה, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דריי חלוצים, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאר זייערע חברים אין דער צייט פון דער מלחמה. זי איז זיך פאר די לעצטע פיר יאָר צעוואקסן, גרעסער געוואָרן, רייכער געוואָרן. צוועלף הונדערט דונאם ערד, צוויי פּרדסים, א וויינגאָרטן, פיר טראקטאָרס. א זיבעציק בהמות, איבער הונדערט טויזנט ליטער מילך א יאָר, א שוסטעריי, וועלכע ברענגט אריין פּרנסה. און דאָך עסט מען ערגער ווי פאר פיר יאָרן. נאָך א שווערן טאָג

אַרבעט איז דאָס אָוונטברויט גאַנץ אָפּט אַן איי, אַ טאָמייטאָ און אַ פּאַרעווער באָרשטש. דער פּאַראָרימטער טיש נעמט זיך דערפון, וואָס גבעת השלושה איז געוואָרן אַ מין אימיגראַנטן־הויז, אַ דורכפאָר־סטאַנציע פאַר אָנקומענדיקע חלוצים, און דאָס רופט זיך אָפּ שלעכט אויף איר גאַנצער ווירטשאַפט. זי האָט זיך שוין געוואָלט שטעלן בויען אַ נייעם עס־זאַל. אַ מויער אויף דעם אָרט פון דער אַלטער הילצערנער געביידע. אָבער זי האָט געמוזט עס אָפּלייגן אויף אַן אַנדער צייט, איצטער מוזן קודם כל באַזאָרגט ווערן די נייע אָנקומער. גבעת השלושה איז געטריי דעם גייסט פון אירע דריי קדושים. דערפאַר וויל די באַליבטע פּתח תקוה נישט האָבן זי ביי זיך. זאָל זי נאָר קאָנען, וועט זי מיט פאַרגעניגן אַוועקנעמען ביי די אַרבעטער פון גבעת השלושה זייער אַרבעט. זי וועט נאָך דערביי באַגייסטערט זינגען די התקוה.

## .9

# „לידער פון ליכטיקן אויפבוי"

אין דעם יאָר 1922 איז אין פּתח תקוה געגרינדעט געוואָרן אויף א קליינעם שטיקל ערד א משק הפּועלות, אַן ארבעטערקעס־ווירטשאַפט מיט א צען־צוועלף מיידלעך, וואָס האָבן געוואָלט אויסלערנען זיך די פארשיידענע פאַרם־ארבעטן. זיי האָבן געוואוינט אין געצעלטן, וועלכע זיי האָבן אליין אויפגעשטעלט, אָדער אין הינערשטייגן, נישט דערעסן, נישט דער־טרונקען. די ארבעטערקעס אין ארץ ישראל האָבן אין גאָר־נישט געוואָלט אָפּשטיין פון די ארבעטער און קיינמאָל נישט אָפּגעשראָקן זיך פאר קיין שום שוועריקייט. און זיי האָבן אַלץ מקבל באהבה געווען. אַמביטערסטן זיינען געווען די מאָראַלישע ווייטיקן, וועלכע האָבן זיך גענומען פון דער שלעכטער באַציאונג פון די ארבעטער צו פרויען־ארבעט. די צוגרייטונג צו פאַרם־ארבעטן האָט זיי געדאַרפט אויסלייזן פון מענערשן שפּאָט, און עס איז געוואָרן א משק, געוואָרן אַן אָרט, וואו צו צוגרייטן זיך!

איצטער וואוינען דאָ אין א גרויסער מויער, אין שיינע ריינע חדרים, ביי א פערציק־פופציק מיידלעך, וועלכע באַאר־בעטן אין זעט און אָן החקות א ווירטשאפט פון א גרויסן פּרדס, א גאָרטן, א פלאַנצעריי, א שטאַל מיט צוואַנציק בהמות, א הינערשטייג מיט הונדערטער עופות — א צוגרייטונגס־ארבעט פון צוויי יאָר, אין וועלכע זיי ארבעטן און שטודירן:

צווישן איין ארבעט און דער אַנדערער ווערן געהאַלטן פאַר זייַ לעקציעס.

די מיידלעך זיינען צונויפגעקומענע פון דייטשלאַנד, פוילן, ליטע, בולגאַריע, רומעניע און אַמעריקע. אין הערבסט 1934 האָט אַ יונגע מיידל איבערראַשט די שיקאַגאָ־קאָנווענשן פון דער פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע מיט אַ מייסטערהאַפטער רעדע אין גלענצענדן ענגליש — אַ רעדע, וועלכע איז געווען נעזאַנג. די דאָזיקע רעדנערין איז איצטער אַן ארבעטערקע אין דעם משק הפועלות פון פּתח תקוה.

און נאָך איינע איז דאָרטן פאַראַן, אַ מיידל פון ליטע, וועלכע ווייס, אַז זי איז אַ דיכטערין. זי האָט נאָך גאָרנישט אָנגעשריבן, ווייל העברעאיש קען זי נאָך נישט און יידיש וויל זי נישט, אָבער זי ווייס, אַז זי קאָן שרייבן לידער. זי פילט עס, ווען זי גייט אַרום אַרום די פלאַנצן און יונגע ביימלעך אין דער פלאַנצעריי, אָדער ווען זי אַרבעט אין פּרדס, אָדער אַפילו ווען זי וואַשט אָדער מעלקט די בהמות. עפּעס זינגט אין איר, און שיינע ווערטער קומען אַרויף, בעטן זיך ביי איר, שטעלן זיך צוזאַמען...

וואָס פאַרא לידער וואָלט זי געשריבן? אָ, לידער פון אויפ־בוי, לידער פון פרייד מיט אונזער וואוקס אין לאַנד, לידער פון דערגרייכטן חיים־געפיל... ווי אברהם לעוו, דער אַרבעטער און דיכטער פון דער דערבייאיקער גבעת השלושה.

און ליבע־לידער?

זי קרימט מיט דער נאָז. נישט וויכטיק, נישט נויטיק... אברהם לעוו זינגט אויך נישט קיין ליבע־לידער. דער אויפבוי — אָט דאָס איז אַ טעמע!

אברהם לעוו, דער אַרבעטער און דיכטער פון גבעת השלושה, זינגט „אונטער בלויע הימלען" (דער נאָמען פון זיין לידער־ביכל, געדרוקט אין תל אביב), און דווקא אין יידיש, קרעפּטיקע, קלאַנגפולע „לידער פון ליכטיקן אויפבוי". ער איז גליקלעך, וואָס ער איז אין לאַנד און קאָן אונטערשטעלן זיינע אַקסלען צו דער אויפבוי־אַרבעט, און ער שרייט אַנטציקט אויס: „איז גוט צו זיין אָט דאָ אין לאַנד און פילן פרייד פון בויען

און פון וואקסן!..." און ער יובלט: „בין איך דא אין מיין לאנד, בין איך דא, בין איך דא! און די פרייד איז איצט גרויס, און הייליק די שעה!... און עס רינט אונזער שווייס אויף אונזער אייגענער ערד, און מיר בויען איצט אויף, וואס פון דורות צושטערט... איז פול אונזער לאנד מיט ריטם פון בוי, איז גוט מיר אזוי, איז וואויל מיר אזוי!.." און ער שרייט ארויס טיף געריררט: „האט זיך א נייע וועלט אנטפלעקט פאר מיר און אויסגעשפרייט, א וועלט פארכאפט פון אויפבוי און פון וואקסן..."

יא, א וועלט פארכאפט פון אויפבוי און פון וואקסן! דער גאנצער וועג פון פתח תקוה צום עמק חפר זינגט עס אין א הייליקער פרייד.

אט איז רעננה (ראאנאנא) — די בליענדיקע. זי פאר־דינט איר נאמען. אמעריקאנער יידן האבן זי אויסגעבויט. גע־וועזענע סוחרים, בעלי מלאכות, לערער, וועלכע זיינען פאר־כאפט געווארן פון דער גרויסער פרייד מיט דעם אויפבוי פון דעם יידישן לאנד, האבן פארלאזן אמעריקע, וואו זיי האבן זיך שוין געהאט איינגעבירגערט, און זיינען געווארן ארץ ישראל־בויער. האבן זייער ארבעט גוט געטאן. א שטעטעלע פון איבער דריי טויזנט איינוואוינער, שיינע ברייטע גאסן, בעטאן־הייזער, איינגעטונקט אין גרינס, יעדעס הויז פון זיי אליין געבויט, יעדער בוים פון זיי אליין געפלאנצט, די גאסן, די שאסעען פון זיי אליין אויסגעלייגט און אויסגעפלאסטערט. פאר זיי איז דא געוועזן פוסט און וויסט, און אלץ דערציילט דא פון זייער פלייסיקייט און זייער שווערער ארבעט. אבער גרויסע אפישן דערציילן אויך פון א קולטורעלן לעבן. לעקציעס, טעאטער־פארשטעלונגען...

און נאך רעננה קומט הרצליה, נאך א בליענדיק שטעט־טעלע אויף זאמד פון ים און אלטן חורבן. אין דעם יידישן אמאל איז די געגנט געוועזן א טייל פון דעם פיל באזונגענעם שרון. די רוימער האבן דא געהאט אויסגעבויט די שטאט אפא־לאניא, פון דער אמאליקער פראכט איז גארנישט געוועזן גע־בליבן. חורבן ווייט און ברייט, ים־זוימען האבן אין פארלויף

פון יאָרהונדערטער אַלץ פאַרטראָגן און באַדעקט מיט זאַמד. אַמעריקאַנער יידן האָבן זיך דאָ באַזעצט און צוריק אויפגעלעבט די געגנט. דער שרון האָט געקראָגן זיין אַלט אויסזען. ער האָט אויפגעבליט. די ליליע פון שרון און אַלע אירע שוועסטער קאָנען ווידער שוין באַזונגען ווערן.

און נאָך הרצליה, אַרויף צו צפון ביים ברעג ים — נתניה. אַ שפּאָגל נייע שטאָט. גרויסע, ברייטע גאַסן, קראָמען, פאַבריקן. אָבער דער עיקר, אַ שטאָט פון אָפּרו. אַ שטאָט פון גבירים און ווילעס. די אויפגערעגטע נערוון פון ירושלים זוכן דאָ באַרואיקונג. זי וועט קיינמאָל נישט ווערן קיין תל אביב, אָבער אַן אויפטו אין דעם גרויסן אויפבוי איז זי דאָך.

און פון איר, וווייטער אַרויף צו צפון, פירט דער וועג צום נייעם וואונדער אין דער וועלט, וואָס איז פאַרכאַפּט פון אויפבוי, צום צווייטן עמק, צום עמק חפר.

דער כביש, דער שאָסיי אַהין ווערט ערשט געבויט. דער וועג איז אַ שלעכטער, אַן אַלטער, אַן אַראַבישער, גוט פאַר אייזלען און קעמלען. אונזער מאַשין אַרבעט מיט אַלע כוחות, טרייסלט אַרום די נשמה. אין איין אָרט פון וועג מוז זי זיך אייליק אַרויסטרייסלען דורך אַן אַראַבישן דאָרף.

אונזער פירער איז אָנגעטאָן מיליטעריש, מיט אַ ברייטן גאַרטל אַרום זיך, אין וועלכן עס זיינען אָנגעשטעקט אַ סך קוילן, ביי זיין לינקער זייט שטייט וואָרנענדיק די ביקס. ער איז אויפזעער איבער די טראַקטאָרס, וואָס אַרבעטן אויף דעם נייעם כביש, און דאָס געווער איז אים דערלויבט. ער איז אין ארץ ישראל געבאָרענער, קען גוט אַראַביש און איז אויסגעבונדן מיט די אַראַבער. אין דעם דאָרף, וואָס מיר פאָרן דורך, באַגריסן אים עטלעכע ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. אָבער יעדעסמאָל ווען ער פאָרט אַוועק פון דער היים, צוזעגנט ער זיך מיט ווייב און קינדער, ווי ער וואָלט זיי צום לעצטן מאָל געזען... אויפן וועג האָט ער אָפּגעשטעלט אַן אַראַבישן רייטער, באַגריסט זיך מיט אים. דער רייטער האָט זיך דערפרייט איבער אים, שוין לאַנג זיך נישט געזען. ווי שטייט עס? פרעגט אונזער פירער. מוטנע, ענטפערט דער אַראַבער, נישט גוט, נישט פריילעך.

ער ווייס נישט, וואָס וועט זיין מיט זיינע קאַוואָנעס. זיי וועלן געווים צופוילט ווערן. ער האָט טרויעריק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. די צוזעגנונג איז געוועזן אַזוי פריינטלעך ווי די באַגעגנונג.

„פונדעסטוועגן דאַרף מען זיך אומקוקן אויף אים,” האָט געזאָגט דער פירער.

אָבער מיר זיינען שוין אויף יידישער ערד. מיר זיינען אין עמק חפר. פאַר פיר יאָרן האָט עס נאָך געהייסן אַראַביש וואַדי האַוואַריט און איז געוועזן מדבר. זאַמדיקע ערד, שטיינער און זומפּן. וואו נישט וואו סימנים פון אַמאָליקן שרון־וואַלד. אין איין ווינקל פון דעם גרויסן שטח זיינען געוועזן אָנגעוואָרפן שוואַרצע געצעלטן. אַ בעדואינער־שבט פון צוויי הונדערט און פופציק נפשות האָט דאָ געמאַכט זיין היים. דאָס איז געוועזן די גאַנצע באַפעלקערונג פון דעם גרויסן מדבר. זיי האָבן געהאָדעוועט קאַוואָנעס, געפיטערט זייערע קעמלען מיט די דערנער און געהאַלטן זייערע זשאַמוסן, זייערע בוייוואָלן, אין די זומפּן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט מאַלאַריע און טויט.

דער קאָמיטעט פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס איז ממונה אויף די נעמען אין דער געאָגראַפיע פון ארץ ישראל, האָט פעסטגעשטעלט, אַז די וואַדי האַוואַריט האָט אין דעם יידישן אַמאָל געהייסן חפר (כייפער). אונטער דעם נאָמען ווערט זי דערמאָנט, ווען יהושע האָט איינגענומען דאָס לאַנד, און אונטער דעם נאָמען ווערט זי דערמאָנט, ווען שלמה האָט איינגעטיילט דאָס לאַנד אין צוועלף חלקים, און יעדער חלק האָט געדאַרפט אויסהאַלטן אים און זיין הויזגעזינט איין חודש אין יאָר. פון דעם איז לייכט געדרונגען, אַז חפר האָט געמוזט זיין פרוכטבאַר לאַנד. ער איז עס ווידער געוואָרן. אָבער אָנשטאָט אַ קעניג און זיין הויזגעזינט דערנערט איצטער חפר טויזנטער יידישע נפשות און איז גרייט צו דערנערן מער און מער.

דער מדבר איז פאַרשוואונדן, די זומפּן זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן, די ערד און די לופט זיינען געזונט געוואָרן. נאָר אין איין אָרט שניידט זיך אַריין אַ שטיק רעגירונגס־ערד, און דאָ איז זומפּיק, און די רעגירונג איילט זיך נישט אויסצו־

טריקענען און געזונט מאכן זי, און אירע מאָסקיטאָס ווייסן נישט פון קיין גרענעצן... אָנשטאָט די איינזאַמע שווארצע בע־רואינער־געצעלטן בלאָסקען אין דער זון הונדערטער ווייסע הייזער פון די יידישע דערפער, אָנשטאָט קאַוואָונעס — פּרדסים, וויינגערטנער, סעדער, פּארזייטע פעלדער, פלאַנצערייען, שטאַלן, הינערשטייגן, און אויך פאבריקן און ווארשטאטן. דער לייַ־דיקער מדבר איז פול באַזעצט פון מושבים און קבוצות, פול מיט רוישיקן פלייסיקן לעבן, פול מיט שאַפנדיקער בויענדיקער ענערגיע. כפר וויטקין, כפר חיים, אלישיב, אביחיל, עין העובד, משמר השרון, מעברות, גבעת חיים, עין החורש און נאָך, און נאָך, און נאָך...

די ערשטע צו דעראָבערן דעם מדבר זיינען געווען אר־בעטער פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון יוסף וויטקין, פון דעם מאַן, וואָס איז געווען איינער פון די ער־שטע, אויב נישט דער ערשטער, וואָס האָט דערקלערט, אַז ארץ ישראל קאָן אויפגעבויט ווערן נאָר אויף יידישער אַרבעט.

יוסף וויטקין איז אָנגעקומען אין ארץ ישראל עטלעכע יאָר פאַר דעם אָנהייב פון דער צווייטער עליה אין די יאָרן 1904—1905, געטריבן פון דער אידעע פון ערד און אַרבעט. ער האָט זיך פאַרדונגען אַלס ערד־אַרבעטער, כאָטש ער איז געווען אַ פיזיש שוואַכער מענטש, און ער האָט געאַרבעט אַזוי לאַנג ווי די כוחות האָבן געטראָגן. ווען ער האָט מער נישט געקאָנט אַרבעטן, איז ער געוואָרן לערער, אַפריער אין מעסכא, דערנאָך אין ראשון לציון, אָבער די אידעע פון ערד און אַר־בעט האָט אים נישט אָפּגעלאָזן אויף אַ מינוט. וואָס ער האָט נישט געקאָנט דערגרייכן מיט אייגענעם ביישפּיל, האָט ער דערגרייכט מיטן וואָרט.

דער יידישער ישוב, ווי ער האָט אים דעמאָלט געפונען אין ארץ ישראל, האָט אים אָנגעפילט מיט ביטערקייט. די קאָ־לאָניסטן, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין דער אַוואַנגאַרד פון דער ווידעראויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק אין זיין אַלטן לאַנד אויף יסודות פון ערד און אַרבעט, זיינען גאָר קיין אַרבעטער נישט געווען. זיי זיינען געוואָרן פריצים, אַראָבער־אויסבויטער,

ערד־ספעקולאנטן. זייערע קינדער האָבן זיי אוועקגעשיקט שטודירן אין אויסלאַנד. ער איז שנעל געקומען צום באַשלוס, אַז „דער דאָזיקער מענטשן־מאַטעריאַל קאָן נישט זיין דער פונדאַמענט פאַר דעם אויפבוי פון אונזער פאָלק אין אונזער לאַנד”. עס מוזן קומען אַנדערע מענטשן, אַ נייער סאָרט חלוצים. און אין יאָר 1905 האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין באַרימטן אויפרוף צו דער יידישער יוגנט אין גלות — די איינציקע שריפט, וואָס איז פון אים געבליבן און וואָס איז געוואָרן די טרייבקראַפט פון דער צווייטער עליה, און איז עד היום נאָך פריש און צייטיק.

„אונזער קאַמף,” האָט ער געשריבן אין זיין אויפרוף, „איז לאַנג און שווער. ער פאָדערט פון זיינע קעמפער... אַן אומבאַגרענעצטע ליבע צו אונזער פאָלק און לאַנד, אַ סך קראַפט און געדולד... די חלוצים דאַרפן... קומען אין ארץ ישראל צו באַאַרבעטן איר ערד און צו באַזעצן זיך אויף איר כמעט אָן זייטיקער הילף... דאָס איז זייער חוב און דאָס איז זייער ציל, וועלכע זיי וועלן דערגרייכן ערשט נאָך שרעקלעכער מי, נאָך אַ סך קרבנות און אינערן און אויסערן קאַמף, קאַמף מיט פרעמדע און מיט זיך אליין, קאַמף מיט דער נאַטור און מיט מענטשן, מיט דער אַראַבישער באַפעלקערונג, מיט דער רעגירונג, מיט נויט, קראַנקהייטן און הונגער. און אַמשרעקלעכסטן וועט זיין דער קאַמף מיט דער צופוילטער סביבה, דער האָדוליע פון דער פילאַנטראָפּיע. און דער קאַמף וועט דאַרפן זיין נישט קיין ווערטער־קאַמף, נאָר אַ קאַמף דורך מעשים. זיי וועלן אין די שווערסטע צייטן דאַרפן ביישטיין דעם נסיון נישט אריינצופאַלן אין דער נעץ פון דער פילאַנטראָפּיע, וועלכע זויגט אויס די נשמה פון דעם מענטש, ווי די פּיאַווקע, וואָס זויגט אויס זיין בלוט... וואַכט אויף, פאַרגעסט אַלץ, וואָס אייך איז טייער געוועזן, פאַרלאָזט עס אויף אייביק אָן אַ שאָטן פון חרטה און קומט צו דער פאָלקס־אַרבעט!... אַ ציטעריקער און ווייכהאַרציקער זאָל בעסער נישט צושטיין... אהער דאַרפן קומען גבורים, פעסט אַנטשלאָסענע, וואָס וועלן קעמפן ווי

פאַרצווייפּלטע, אָן דעם שאָטן פון אַ געדאַנק אויף ווען עס איז אָפּצוטרעטן צוריק..."

דער אויפרוף האָט געמאַכט אַ ריזיקן רושם אויף דער יוגנט אין גלות, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שטראָם פון דער צווייטער עליה און דער ביטערער קאַמף פאַר ערד און אַרבעט. וויטקין האָט די דערגרייכונגען נישט דערלעבט. ער איז געשטאָרבן אין אָנהויב 1911. די אַרבעטער־גרופּע, וואָס איז אַרויף אויף דער ערד פון וואַדי כּאַוואַריט, האָט דערוויזן, אַז זי האָט ערלעך פאַרדינט צו טראָגן זיין נאָמען.

זי איז אַרויף אין די טעג פון די בלוטיקע געשעענישן פון 1929, ווען דאָס לאַנד איז געלעגן אין קאָנוואולסיעס פון בלוט און טרערן. דער מדבר־מענטש האָט זיך צושפּילט, די חיה האָט געשריען נאָך בלוט. עס איז געווען אַ געפערלעכע איינשטעלעניש צו פאַרקלייבן זיך ווייט פון יידישן ישוב אין אַ געגנט פון זומפּן און אָן וועגן. אין אַ מאָמענט פון געפאַר וואָלטן זיי אַפילו נישט געקאָנט וויסן לאָזן פון זיך. אָבער יוסף וויטקינס רוף האָט געלעבט אין זייערע הערצער. ציטערדיקייט און וויכהאַרציקייט איז נישט געווען אין זיי. די ערד האָט באַלאַנגט צום נאַציאָנאַל־פאָנד. ווען יידן וועלן זי נישט אָנהויבן צו באַאַרבעטן, וועט דער נאַציאָנאַל־פאָנד, נאָך דעם געזעץ פון לאַנד, די ערד פאַרלירן. די יידישע ערד האָט געמוזט אָפּגעראַטעוועט ווערן. מען מוז „קעמפן ווי פאַרצווייפלטע אָן דעם שאָטן פון אַ געדאַנק אויף ווען עס איז אָפּצוטרעטן צוריק..." און זיי זיינען אַרויף אויף דער ערד, אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן זי און אָפּגעראַטעוועט.

כּפר וויטקין איז איצטער אַ בליענדיקער מושב פון איבער זעקס הונדערט נפשות.

פאַר פיר יאָרן האָבן מיר באַזוכט און באַוואונדערט אַט דאָ אין דער דאַמאָלסטיקער וואַדי כּאַוואַריט ווייט פון כּפר וויטקין אַן איינזאַמען צריף — אַ הייזל פון געקנייטשטן בלעך— אין וועלכן עס האָבן געלעבט צוועלף מענער און איין פרוי, מיטגלידער פון „השומר הצעיר", וועלכע האָבן געדאַרפט צו־גרייטן פּלאַץ פאַר זייער גאַנצער קבוצה. וואו איז ער איצטער,

דער דאָזיקער צריף? ער איז געשטאַנען אויף א פּלאַץ, וואָס איז געוועזן באַזוימט מיט ביימלעך, ווי אַן אויג מיט ברעמען. אָ, ע י ן החורש! דאָס אויג פון דעם וועלדעלע... דער צריף שטייט איצטער אינמיטן פון דער קבוצה עין החורש, ארומגערינגלט מיט רווישיקן לעבן. ניין, מיר וואָלטן דעם פּלאַץ בשום אופן נישט דערקענט. איבער פערציק פאַמיליעס וואוינען דאָ. שיינע ווייסע הייזער, פּרדסים, וויינגאָרטנס, בהמות, הינער, און א פאַבריק, אין וועלכער עס ווערט געמאַכט הינער־געפעס פאַרן גאַנצן לאַנד. און אָט איז טאַקע דער צריף. מיר דערקענען אים. ער איז אויפבאַוואָרט געוואָרן. צום אָנדענק פון חלוצים־מוט, אַלס ביישפּיל פון דעם, וואָס עס איז געוועזן און וואָס עס איז געוואָרן אין דער וועלט פון ליכטיקן אויפבוי.

.10

## אויף אַ צווייטן באַזוך אין עמק יזרעאל

וואוקס, וואוקס! וואוקס אומעטום, אַלע שטערונגען אויף צו־להכעים... ער וואַרפט זיך אין די אויגן.

אָט איז יגור (יאגור), די קבוצה ביים חיפהר שאָסיי, נישט ווייט פון דעם אריינפאָר אין דעם באַרימטן עמק. ווי זי איז זיך צוּוואוקסן פאַר די לעצטע פיר יאָר! איר שטח לאַנד איז פאַרדאָפּלט געוואָרן, צו אירע ערשטע דריי טויזנט דונאַם האָט זי צוגעקראָגן כמעט נאָך אַזויפיל, און איר באַפעלקע־רונג האָט זי מער ווי פאַרדאָפּלט. זי איז געוואָרן דער גרעס־טער קיבוץ, האָט אריבערגעיאָגט איר עלטערע און באַרימטערע שוועסטער עין חרוד. איבער אַכטהונדערט נפשות, אַ צוויי־הונדערט משפחות לעבן דאָ דעם חברותא־לעבן, וואו יעדער ארבעט לויט זיינע פעאיקייטן און קריגט לויט זיינע באַ־דערפענישן. אַ סך נייע גרויסע געביידעס זיינען צוגעקומען, און איר נייער חדר־האוכל — דאָס קהלשע עס־צימער — וועט זיין דער גרעסטער אין גאַנצן לאַנד. ער איז נאָך נישטן פאַרטיק. ווענט און דאַך, און נישט מער. אָבער מען קאָן שוין אונטער זיין דאַך אָפּהאַלטן מאַסן־פאַרזאַמלונגען. און איידער מען עסט נאָך אין אים — און ביז צום עסן וועט נאָך לאַנג געדויערן — קלינגט שוין אָפּ אין זיין גרויסער ליידיקייט דאָס וואָרט פון קולטור און תורה.

יגור שטייט האַרט אונטער דעם כרמל. דאָס איז קיינמאָל

נישט געוועזן קיין זיכערער אָרט. אויך אין דער רואיקסטער צייט. אין אַ צייט, ווען מאָרד און רויב און שׂרפה ווערן גע־יעכנט פאַר העלדנטאַטן, מוז יגור זייער און זייער פאַרזיכטיק זיין. איז זי זייער און זייער פאַרזיכטיק, אָבער גאָר נישט אומ־רואיק, און אָן שרעק און מורא. זי הייבט אירע אויגן צום באַרג, פינוואַנען עס קאָן קומען אָן אָנפאַל, אָבער איר הילף איז אין איר אַליין, און אירע שומרים דרעמלען נישט און שלאָפן נישט. די טעגלעכע אַרבעט ווערט געטאָן אומגעשטערט און גוט. עדות זיינען די מרגלים־וויינטרויבן, וועלכע הענגען אַראָפּ אויף ריט־לעך, ווי שווערע אייטער, אויף דער גאַנצער לענג פון דעם ריזיקן וויינגאָרטן ביים שאָסיי. און די פינפאונזיבעציק מעלקעדיקע בהמות, פון וועלכע יעדע איינע גיט דורכשניטלעך עלף ליטער מילך אַ טאָג. די דרייטויזנט הינער, וועלכע לייגן דורכשניטלעך 825 אייער אַ טאָג. און דער גרויסער גאָרטן, וועלכער פאַר־וואָרגט חיפה מיט גרינס און איז אַ גרויסע הכנסה...

אין די געשפּרעכן גאָר ווייניק וועגן די בלוטיקע גע־שעענישן און גאָר אַ סך וועגן אויפבוי און קולטור. דער בעקער איז אַ דיכטער, און אָן אַנדער חבר שרייבט ראָמאַנען און דראַמען. און ווי שטייט עס מיט דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע? און וואָס האָט איר עפּעס אויפגעשריבן נייעס פאַר די לעצטע פיר יאָר? און אָט זיצט דער גאַנצער דערוואַקסענער עולם אויף לאַנגע בענק צווישן די ציגל און ברעטער פון דעם נאָך נישט פאַרטיקן חדר האוכל און הערט זיך צו צו מיין פאָרלעזונג. פאַרטאָן, פאַרטיפט, די דרויסנוועלט אינגאַנצן פאַר־געסן.

נאָר ווען די נאַכט פאַלט צו... די וועכטער — אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט זייער שווער דעם גאַנצן טאָג — צוגייען זיך באַוואָפנטע אויף זייערע פּלעצער אין די טראַנשייען, די אויסגעגראָבענע גריבער, אָנגעלייגטע אויבן ביי די ברעגן מיט זעק פול זאַמד און שטיינער. און פינסטער ווערט עס. אין ערגעץ לייכט נישט די עלעקטריציטעט, נאָר דער שיינוואַרפער פון דעם הויכן וואַסער־טורם באַלייכט דעם ווייטן אַרום, דעקט אויף פאַר דעם שומר אויבן די קלענסטע באַוועגונג אין דעם

ווייטסטן ווינקל אויף בארג און טאָל. און דער טעלעפאָן שלאָפט נישט. שומר, מה מלילה? שומר, וואָס הערט זיך אין דער נאַכט? — ווער רעדט? — נהלל רעדט. נהלל וויל וויסן, וואָס עס טוט זיך.

נהלל איז די עלטסטע אין דער גאַנצער געגנט. א מו־טער. און מוטערלעך וויל זי וויסן, וואָס עס טוט זיך. איר טע־לעפאָן רעדט די גאַנצע נאַכט. רופט אויף דאָ — דאָרטן. לאָזט וויסן, אז נהלל וואַכט, אז נהלל האַלט אלעמען וואַך...

ווי פארשענערט און פארפעסטיקט נהלל איז געוואָרן פאַר די לעצטע פיר יאָר! די הילצערנע הייזלעך פון איר גרויסן הייזער־קרייז זיינען אומגעבויט געוואָרן אין בעטאָן, און באַ־קוועמער און געמיטלעכער איז געוואָרן דאָס גאַנצע לעבן. עס פילט זיך אויפשטייג און דערגרייכונג.

אָבער מיר פארקוקן זיך אָן א זייט. ווייט אין עמק אויף א קליינער דערהעכערונג שטייען הייזער גאַנץ איינגעטונקט אין זון, און עטלעכע געשטאַלטן באַוועגן זיך געשעפטיקט ארום. פאַר פיר יאָרן זיינען די הייזער דאָרטן נישט געוועזן? וואָס איז דאָס פאַר א נייער פּלאַץ?

און שטאָלץ און פריידיק איז געקומען דער ענטפער:

„בני נהלל!"

קינדער פון נהלל האָבן זיך דאָרטן באַזעצט. יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס זיינען אויפגעוואַקסן און גרויס געוואָרן אין נהלל. זיי זיינען אין שטאָט נישט אַוועק, קיין סטודענטן נישט געוואָרן, נישט געזוכט צו ווערן דאָקטוירים אָדער יוריסטן, נאָר זיינען געבליבן אין דאָרף ביי ערד און ארבעט. לעבן די אידעען פון זייערע עלטערן, זעצן פאָרט דעם איבערבוי פון רעם יידישן פאָלק.

מיר האָבן אויפגעהויבן אונזערע הענט צום ווייטן גרוס, געשיקט די קינדער פון נהלל אונזער ברכה.

„יונגע ביימער, פעסט איינגעוואָרצלטע אין דער ערד, וואַקסן און בליען זאָלט איר און טראָגן א סך פירות און קיינ־מאָל נישט וויסן פון אויסגעריסן ווערן!"

זייט איר נישט גליקלעך, איר נהלל־עלטערן?

גליקלעך, איבערגליקלעך! וואס האבן מיר געקאנט זיך בעסער ווינטשן?

אבער די בני נהלל ווילן נישט אינגאנצן גיין אין די וועגן פון זייערע עלטערן. נהלל איז א מושב. דער פרינציפ פון א מושב איז: פריוואט־אייגנטום און זעלבסט־ארבעט. יעדער מיטגליד האט זיך זיין אייגענע נחלה, זיין אייגענע באלעבא־טישקייט, נאר מוז ער אליין ארבעטן, טאר קיין געדונגענע אר־בעטער נישט באשעפטיקן. די קינדער אין בני נהלל האבן אנגעהויבן אלס מושבניקעס, אבער ווילן פארוואנדלען זייער מושב אין א קבוצה, ווילן זיך אפזאגן פון פריוואט־אייגנטום און לעבן א חברותא־לעבן אן מיינס און דיינס.

זייט איר אומצופרידן, נהלל־עלטערן?

קיין גרעסערע אומצופרידנקייט זאלן מיר נישט האבן.

איז גוט אזוי. און וואס נאך נייעס דא ארום אייך?

שייך אבריק!

א דריי מייל פון נהלל, אין א הייל ביים ברעג פון א הויכן פלאץ געפינט זיך א גרויסער שטיינערנער ארון. ארכעאלאגן האבן פעסטגעשטעלט, אז דער קבר איז זייער אן אלטער, גע־הערט געוויס צו דער יידישער פארגאנגענהייט. נייע אויסגרא־בונגען אין דעם בארג אונטער דער הייל האבן אויפגעדעקט, אז דא איז געווען א יידישער בית עולם, אבער די אראבער באשטייען, אז דאס איז דער קבר פון דעם הייליקן שייך אבריק, וואס האט געלעבט מיט זיבעציק יאר צוריק. זיי דערציילן: ער האט געדינט ביי א רייכן עפענדי און איז געווען זייער פרום. האט געדאוונט דריי מאל א טאג, און פאר יעדער תפילה פלעגט ער זיך ארומוואשן, נאכן דין נאך. קיין וואסער איז נישט געווען אין דער גאנצער געגנט. נישט קיין קוואל און נישט קיין ברונעם. אבער ער האט געהאט ביי זיך א קרוג, און דער קרוג האט אים שטענדיק געגעבן וואסער. זיין באלע־באס, דער רייכער עפענדי, איז געווען אומצופרידן מיט דער פרומקייט פון זיין ארבעטער. זיינע תפילות און אפוואשונגען האבן אוועקגענומען א סך צייט. איז איינמאל דער עפענדי אין כעס געווארן, האט געכאפט דעם קרוג און צובראכן. איז

גלייך אויפן אָרט ארויסגעקומען אַ קוואַל וואַסער. די אַראַבער קומען איצטער אין געוויסע צייטן אויפן קבר פון דעם הייליקן און טרינקען דאָס וואַסער פון דעם ברונען, וואָס איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אויף דעם אָרט פון דער קוואַל אונטן אין טאָל נישט ווייט פון דעם קבר, און פאַרזיכערן, אַז דאָס וואַ־סער איז אַ רפואה שלמה צו אַלע קראַנקע.

באַרג און קבר און ברונען זיינען שוין לאַנג געוואָרן אַן אייגנטום פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, אָבער נישט באַפעלקערט געוועזן. פאַר פיר יאָרן האָט דאָרטן געוואוינט אַן איינציקע פאַמיליע — דאָס באַרימטע שומר־פּאָר אַלעקסאַנדער און צפּורה זייד מיט זייערע קינדער. דאָס איז געוועזן אַן איינ־שטעלעניש, אָבער די ערד האָט געמוזט באַאַרבעט ווערן, גע־ראַטעוועט ווערן פאַר דעם נאַציאָנאַל־פאָנד. יאָרנלאַנג האָבן זיי דאָ געלעבט אַליין און איינזאַם, אין שטענדיקער סכנה, כאָטש די אַראַבער האָבן זיך צו זיי גוט באַצויגן, איבערגעגעבן זיי דעם שליסל צו דער הייל, געמאַכט זיי פאַר אויפזעער איבערן הייליקן קבר.

לעצטנס אָבער האָט זיך אַהער אַרויפגערוקט אַ קבוצה פון יונגע יידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון גיהינום־דייטשלאַנד, מיט אַ צומיש פון יוגנט פון אַנדערע לענדער. אויף דעם אַלטן בית עולם האָט אויפגעבראַוזט נייַ לעבן. דאָס אַלטע שומר־פּאָר האָט זיך דערוואַרט, און נישטאָ קיין גליקלעכערע פאַר זיי!

וואוקס! וואוקס! ווי פאַרשענערט און פאַרפעסטיקט די גאַנצע געגנט אַרום נהלל! ווי מיט שפע זיינען באַגאָסן גבת אין עינות און השרון. שריד און גיניגר! אומעטום ווייסן זיך נייַע הייזער אין דער זון, אומעטום אָרדנונג און ריינקייט, און די גרויסע שיינע קהלשע עס־צימער דערציילן נישט בלויז פון זעט, נאָר פון פאַרזאַמלונגען און לעקציעס און פאָרלעזונגען און פאַרוויילונגען. איין ליכטיקע שנור ציט זיך פון דער נהלל־געגנט איבער באַלפוריה און מרחביה ביז כפר יחזקאל און גבע און עין חרוד און תל יוסף און בית אלפא...

מלחמה־צושטאַנד אין די יידישע דערפער ביי די גלבוע־

בערג. אויבן אין די בערג זיינען אראבישע באנדיטן־נעסטן. נאכט אין נאכט זעט מען זייערע סיגנאלן, נאכט אין נאכט קאן מען זיך ריכטן אויף שיסערייען, אויף שרפות. די שמירה אין די טראנשייען איז א פארשטארקטע, אבער אויך אין די הייזער שלאפן א סך אין זייערע קליידער, גרייט צום שפרונג ביים ערשטן רוף. די קינדער ווייסן שוין, ווען זיי דארפן זיך אוועקלייגן אויף דער ערד.

אבער די ארבעט איז אין ערגעץ נישט שטיין געבליבן. זי איז אפילו גרעסער געווארן, אויסגעברייטערטער. מען באַגנוגנט זיך נישט מער מיט ערד־ארבעט אליין. עין חרוד, וואס האט איצטער א באפעלקערונג פון איבער זיבן הונדערט נפשות האט איינגעפירט א סטאלעריי, א שלאסארניע און א דרוקעריי.

מען לאזט זיך נישט זיין געשטערט אין קיין פרט נישט. אויך די קולטור־ארבעט ווערט נישט פארנאכלעסיקט. נאר זייַנען די נערוון אביסל אנגעצויגענער, אביסל איז מען נאר מער מיד. אבער אויף דערויף איז מען דאך יידן — אלץ מקבל באהבה צו זיין און אויף דערויף איז מען דאך חלוצים — נישט בלייבן שטיין פאר קיין שום שוועריקייט.

אין דער עקספערימענטיר־סטאנציע ביי רחובות עקספערימענטירט די וויסנשאפט מיט אינטענסיווער ערד־ארבעט. די אינטענסיוויטעט קאן געוואונען ווערן דורך פארבעסערטער און פארשטארקטער באוואסערונג. מען וויל מאכן די ערד אומאפהענגיק פון דעם הימל און זיינע רעגנס, ארויסראטעווען זי פון לאנגזאמע באשפריצונגען מיט קישקעס און שפריצעמער. זאל עס דערגרייכט ווערן, וועט דער ערד־ארבעטער קאנען ארויסקריגן פון א קליינעם טייל פון זיין נחלה וויפל ער קריגט איצטער ארויס פון א סך א גרעסערן טייל. וואו א מיטגליד פון א מושב האט איצטער הונדערט דונאם ערד, וועט ער זיך ביי אינטענסיווער ווירטשאפט קאנען באגנוגענען מיט דרייסיק, און אויף די איבעריקע זיבעציק וועט מען קאנען באזעצן נאך צוויי יידישע פאמיליעס.

עקספערימענטירט דער הארציקער שמעון קושניר אויף

זיין נחלה אין כפר יחזקאל מיט דער דאָזיקער אינטענסיווער ווירטשאַפט פאַר די אויגן, אַזוי צו זאָגן, פון די באַנדעס אויף די בערג פון גלבוע. ער האָט איינגעשטעלט אויף זיינע פעלדער און אין זיינע גאָרטנס די געלעבלטע רערן, וועלבע באַגיסן די ערד אונטער זיך מיט אַ קינסטלעכן רעגן. און ער ווייס שוין און איז גליקלעך מיט די רעזולטאַטן. די אינטענסיוויטעט האַלט, וואָס זי פאַרשפּרעכט. ער קאָן פון דרייסיק דונאַם אַרויס־ברענגען וויפל פריער פון הונדערט. ער וועט מער נישט דאַרפן קיין הונדערט דונאַם. נאָך צוויי משפּחות וועלן זיך קאָנען באַ־זעצן אויף דער ערד, וואָס איז געווען זיינע פון יאָר 1922!

און וואָס ער וועט טאָן, וועלן טאָן די איבעריקע מיטגלי־דער פון דעם מושב כפר יחזקאל. און פון אַלע אַנדערע מושבים. די באַפעלקערונג פון די איבער פופציק מושבים אין לאַנד וועט קאָנען פאַרדרייפאַכט ווערן. און אויף דער נאָך נישט באַזעצטער ערד, וואָס געהערט צום קרן הקימת, וועט מען אויך באַזעצן דריי אָנשטאָט איינעם.

די עליה טאָר נישט אָפּגעשטעלט ווערן. זי וועט קיינעם נישט ענג מאַכן. זי וועט נאָר באַפרייען טויזנטער און טויזנ־טער יידישע משפּחות אין פּוילן און דייטשלאַנד און רומעניע פון פאַרפאַלגונגען און פּאָגראָמען, אָפּראַטעוועז זיי פון אונ־טערגאַנג, אַרויספירן זיי פון פינסטערניש צו ליכט.

דאָס איז דער ענטפער פון דעם עמק אויף די אַראַבישע פאָדערונגען.

אויף דעם שפּיץ פון דעם באַרג, וואו עס ליגן עין חרוד און תל יוסף, געפינט זיך דאָס אַראַבישע דאָרף קומי. ווי אַ יאָר־מולקע איבער זיי. ווען די אַראַבער לאָזן זיך אַראָפּ אין טאָל, גייען זיי דורך דורך די יידישע דערפער. ווען זיי דאַרפן, געברויכן זיי דאָס וואַסער פון די יידישע ברונימער פאַר זיך און זייער פי. די יידן זיינען נישט זיכער, אַז די זעלביקע אַראַבער נעמען נישט קיין אַנטייל אין די שיסערייען פון די גלבוע־בערג. אָבער זיי האָבן נאָך קיינמאָל די אַראַבער אפילו קיין פיינטלעכע מינע נישט באַוויזן.

דאָס איז דער צווייטער ענטפער.

## .11

# דגניה און איר ארום

סטאַנציע דגניה!...

קיינער האָט עס נישט אויסגערופן אין דעם צוג, וואָס גייט אין צפון נאָך איראַק, אין דרויסן איז קיין סימן נישטאָ פון אַ סטאַנציע. אַפילו קיין ברעטל נישט און קיין בלעכל נישט, ווי ביי אַ סטאַנציע פריער, ביי דער סטאַנציע דעלהאַמיאַ. ווען נישט דער איינציקער יידישער פּאַסאַזשיר, וואָס איז געווען מיט אונז אין וואַגאָן, וואָלטן מיר מסתמא פאַרפאָרן צו דער ווייטערדיקער סטאַנציע, דער אַראַבישער און זייער פיינט־לעכער צעמאַך...

דגניה מיט אַלע אירע שכנות: דגניה ב׳, כנרת, השומר הצעיר, וואָס ליגן אַלע לינקס פון דער אייזנבאַן, האָבן ערשט נישט לאַנג דערשלאָגן זיך צו אַן אייגענער סטאַנציע. אַלע יאָרן איז זייער סטאַנציע געווען צעמאַך, אַ טויט אַראַביש דערפל מיט קנאַפּן פאַרקער און וויניק האַנדל. די גרעסטע באַנוצער פון דער סטאַנציע זיינען געווען די איינוואוינער פון די יידישע דערפער. אַפילו אַ ווייטער מהלך, איבעריקע וועג־אַנלייגעניש, צייט־פאַרלוסט, אָבער ווער רעכנט זיך מיט אַזעלכע קלייניקייטן! די סטאַנציע מיט איר יידישן פאַרקער האָט גע־געבן פּרנסה צעמאַך מיט אירע אַראַבער און געדראַפט בלייבן, וואו זי איז, די איינציקע כאָטש זייער אומבאַקוועמע סטאַנציע פאַר דגניה און די איבעריקע יידישע דערפער. אַפילו אין די

אומרו־טעג האָבן די יידישע איינוואוינער געמוזט דאַרטן ארויפשטייגן און אראָפּשטייגן, און ארויפלאָדן און אראָפּלאָדן זייערע סחורות. צעמאך איז ענדלעך געוואָרן לעבנסגעפערלעך. אירע אראבער, ווייזט אויס, האָבן געהאַלטן, אַז זיי טוען די יידן אַ טובה, וואָס זיי לאָזן זיי געברויכן זייער סטאַנציע, און האָבן אָנגעהויבן נאָכטאָן זייערע ברידער אין יפור פּאָרט. האָבן די יידן פון דגניה און איר אַרום געטאָן, וואָס זייערע ברידער אין תל אביב. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו געברויכן די סטאַנציע און די באַן, דערקלערט אַ שטרייק. די רעגירונג האָט געקאָנט זיך דערלויבן צו פארלירן יידישע לעבנס, אָבער נישט געקאָנט זיך דערלויבן צו פארלירן געלט, און געגעבן די יידן אַ סטאַנציע. צוגעוואָרפן זיי אַ סטאַנציע, ברוגזערהייט. אָן אַן אויסערלעכן סימן, אָן קיין שום צייכן פון אַ סטאַנציע...

סטאַנציע דגניה!... דגניה! מען ווערט סענטימענטאַל ביי דעם דאָזיקן נאָמען. די מוטער פון אַלע קבוצות, וועלכע האָט שוין געיום־טובט איר זילבערנעם יובילעי, די וועגמאַכערין און וועגווייזערין, די אויפטועריין פון אַזויפיל שיינע זאַכן. ווי הערלעך זי איז מיט איר אַרבעטער־טיפּ, פון וועלכן יוסף באַראַץ איז אַ גלענצנדער ביישפּיל, ווי פּרעכטיק זי איז מיט אירע פּאַלמען און ציפּרעסן, ווי דערמונטערנדיק מיט איר שטייגנדיקער שפע! זי האָט זיך ארויפגעשלאָגן פאַר די לעצטע פיר יאָר אויף אַ נייעם, שיינעם, פיל גרעסערן און פיל באַ־קוועמערן חדר האוכל, אויף אַ נייעם גרויסן שפּריצהויז, און — וואָס מאַכט די דגניהר באַזונדערס שטאָלץ — אויף אַן אינ־סטיטוט, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אהרן דוד גאָרדאָן און וואו אונטער דער פירונג פון דעם געלערנטן דר. פּלמוני וועט געשטודירט ווערן נאַטורוויסנשאַפט — אָט די „טבע", וועלכע דער וואונדערלעכער אהרן דוד גאָרדאָן האָט אַזוי ליבפּיל און באַגייסטערט געפּרעדיקט דעם יידישן מיישוש.

אך, הלוואי וואָלט עס מיך נישט אַזוי געצויגן נאָך אַמאָל צו באַזוכן דעם קבר פון דעם הערלעכן מענטש און לערער גאָרדאָן אויף דעם בית עולם אין דגניה!

דער בית עולם ליגט האַרט ביים כביש, וואָס גייט נאָך

טבריה. פאַר מיינע אויגן זיינען דורכגעריטן אויף אייזלען דריי אַראַבער, דער מיטלסטער, מיט אַ שוואַרצער באָרד און אָפּגעדעקטן קאָפּ, האָט געהאַלטן פאַר זיך אין דער ברייט פון אייזל אַ ביקס. נישט ווייט פון בית עולם איז אַ תנובה־הייזל. איך האָב דערציילט דעם אַרבעטער, וועלכער האָט דאָרטן געאַרבעט, וואָס איך האָב געזען. ער האָט זיך גלייך אַרויפגעזעצט אויף אַ מאָטאָרסייקל און אַוועקגעיאָגט זיך נאָך זיי. ווי מוטיק! ווי גאָר אָן מורא! איינער נאָך דריי! אָבער איך בין אומרואיק געוואָרן. וועט ער קומען צוריק? וועט נישט געשען קיין אומגליק?

יאָ, ער איז געקומען בשלום צוריק. עס האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז דער באַוואָפנטער אַראַבער איז געווען אַ גאַפיר, אַ פּאָליסמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַראָפּגענומען פון זיך זיין פּאָליציייאישן קאָפּצודעק. אָבער דערמיט האָט זיך די מעשה נישט געענדיקט. דער גאַפיר האָט פאַרמסרט, אַז די יידן פון דגניה זיינען אים באַפאַלן און האָבן געוואָלט אָפּ־נעמען ביי אים די ביקס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אונטער־זוכונג, אַ שלעפּעניש אין דער פּאָליציי אין טבריה. אומזיסטע און אומנישטע אומאָנגענעמלעכקייטן גאַנצע דריי וואָכן!...

פאַרדרייסט עס מיך. אָבער אין איין פּרט טוט עס מיר דאָך הנאה. איך בין געווען עדות פון וואונדערבאַרן יידישן מוט.

דער תנובה־אַרבעטער איז איינער פון גאָר אַ סך. אין דגניה איז מען אַ האָר נישט נתפּעל געוואָרן פון זיין דער־וועגעניש. אַ געוויינלעכע דערשיינונג. ווען נישט דער מוט און די שטענדיקע דערוועגעניש, ווי וואָלט מען געקאָנט אָנגיין מיט דער אַרבעט, וועלכע דאַרף אָפּט געטאָן ווערן אין די נע־פּערלעבסטע פּלעצער?

מיט דעם מוט און דער דערוועגעניש האָט זיך דגניה געקאָנט דערלויבן אַ פאַרלעזונג אונטערן פרייען הימל שפּעט אין אָוונט, און לאַכן הויך אַ האַרציקן געלעכטער פון קאָמישע איינפאַלן אין אַ לוסטיקער קאָמעדיע און פאַרגעסן אייגענע מידקייט נאָך אַ זייער שווערן טאָג אַרבעט און כלל ישראלשע און אייגענע צרות און געפאַרן. אָבער ביים סוף פון דער פאָר־

לעזונג און אינמיטן פון א געלעכטער האָבן זיי אויפגעציטערט: פון דעם אויפריים פון א באָמבע ערגעץ נישט זייער ווייט. דער געלעכטער איז איבערגעריסן געוואָרן, עס איז געוואָרן טויט שטיל. וואו איז די באָמבע געוואָרפן געוואָרן? וועמען האָט זי געטראָפן? דער אויפרייס האָט דאכט זיך אָפּגעדונערט פון דער זייט פון דעלהאמיא... יוסף באראץ, דער פאָטער און פירער פון דגניה, איז אוועק צום טעלעפאָן מיטן ערנסטן גע־זיכט און באלד געקומען צוריק מיט זיין אויפלייכטערנדיקן שמייכל. די באָמבע איז געוואָרפן געוואָרן אין טבריה און האָט קיינעם נישט געשאדט. געוואָרן לייכטער אויפן הארצן, און צוריק צו דער פאָרלעזונג און צום געלעכטער...

אָבער דגניה האָט אויך שוץ און וואך, צוגעשטעלט פון דער רעגירונג: א סקאָטישן סארדזשענט און אן איירישן סאָל־דאט. דער סקאָטישער סארדזשענט האָט ביים אָנקום דער־קלערט, אז ער האָט קיינמאָל קיין יידן נישט געקענט און ער האָט זיי נישט ליב. נאָר ער וועט טאָן זיין פליכט. צום סוף האָט ער רעזיגנירט פון זיין שטעלע, ווייל מען האָט אים גע־צוואונגען צו ארעסטירן אומשולדיקע יידן, נאָכדעם ווי ער האָט ארעסטירט שולדיקע אראבער. די רעגירונגס־פּאָליטיק האָט גע־פאָדערט גלייך אויף גלייך: ארעסטירט מען דריי אראבער מיט באָמבעס אין די הענט, מוז מען גלייך ארעסטירן דריי יידן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט באשיצן פון די באָמבעס. דער סקאָטישער סארדזשענט האָט נישט געוואָלט זיין די האנט, וואָס פירט אויס אזא ברוטאלע אומגערעכטיקייט, און איז אוועק. זיין אונטערגעשטעלטער דער איירישער סאָלדאט האָט געהאט דעם נאָמען פון א גרויסן בעל פּחד. ער האָט זיך פאר־ליבט אין א יידיש־דייטשער מיידל און נישט געוואָלט שטארבן פון אן אראבישער קויל. אין א שיסעריי פלעגט ער זיך אויס־ציען אין זיין גאנצער לענג, די קוילן זאָלן אים נישט טרעפן, און ציטערן אין יעדן אבר מיט זיין ביקס ביי דער זייט. אך, אויך ער האָט פארלאָזן דגניה. די מיידל האָט זיך שטארק אנט־טוישט אין אים און אָפּגעזאָגט זיך פון אים...

פון דגניה איז א שפרונג צו דער קבוצה כנרת. אָבער

אין די טעג פון אומרו האָט מען דעם שפּרונג נישט געקאָנט מאַכן אַזוי לייכט. דער קורצער וועג איז איבערן כביש, וואָס פירט צו טבריה. אַ ברייטער אָפענער וועג, אויף וועלכן עס גייען און פאָרן אַ סך אַראַבער. איז בעסער, אַז מען גייט נישט אויף אים. ווייל מען נאָך כנרת, דאַרף מען פאָרן. איינשפּאַנען אַ וואָגן, ווען דער אויטאָמאָביל איז פאַרנומען. און אויך פאָרן איז גלייכער נישט אַליין און מיט לייריקע הענט. „איז וואָלט איר אפשר דורכגעלאָזן כנרת?"

אָבער אין כנרת וואוינט עליזה שידלאָווסקי. די עליזה, וועלכע מען האָט אַזוי ליב געקראָגן אין אַמעריקע, ווען זי איז דאָ אַרומגעפאָרן אין שליחות פון די פּיאָנערן־פרויען, און איז שטאַרק באַליבט אין ארץ ישראל, ווייל זי פאַרשפּרייט אָרדנונג און פּינקטלעכקייט און פלייסיקייט אַרום זיך.

און אין כנרת וואוינט בן ציון טשערנאָמאָרסקי, דער טשערנאָמאָרסקי, וואָס איז דער ארץ ישראלדיקער בוירבענק, דער כישופמאַכער פון פלאַנץ און בוים און פרוכט.

און גלאַט, ווי קאָן מען עפּעס אויסלאָזן כנרת מיט אירע וואונדער!

דער טייטלבוים ווערט אָפט דערמאָנט אין דער ביבל, און די אַמאָליקע איינוואוינער זיינען מסתמא נישט זשעדנע געווען אין טייטלען. אָבער דאָס לאַנד איז חרוב געוואָרן. דער טייטלבוים איז כמעט פאַרשוואונדן. און טייטלען זיינען געוואָרן אַ פרעמדע פרי, וועלכע ווערט אריינגעבראַכט פון מצרים אָדער איראַק. יאָרנלאַנג האָט דער יידישער ישוב געזוכט אַריינצוברענגען דעם פרוכטטראָגנדיקן טייטלבוים צוריק אין לאַנד, און דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. מען האָט געדאַרפט ברענגען טייטלפלאַנצן פון מצרים און פאַרפלאַנצן זיי אין דער ערד פון ארץ ישראל, אָבער מצרים האָט נישט דערלויבט אַרויסצופירן טייטלפלאַנצן פון לאַנד און אָפּגעהיט, מען זאָל זיי נישט אַרויסשמוגלען. אָבער סוף כל סוף איז בן ציון טשערנאָמאָרסקין דאָך געלונגען אויסצוהאָדעווען טייטלביימער, וואָס טראָגן פרוכט. דרייצן ריזנביימער שטייען איצטער אין כנרת אָנגעלאָדענע מיט טייטלען, און ווייט אַרום זיי ציען זיך

שורות און שורות מיט יונגוואַרג, אַפּשטאַמער פון איראַק, פונ־וואַנען טשערנאָמאָרסקי האָט זיי געבראַכט, און פון קאַלי־פאָרניע, פונוואַנען עליזה שידלאָווסקי האָט זיי אַריינגעפירט. און אַלע פּאַרשפּרעכן זיי אויסצוּוואַקסן ווי די דרייצן און געבן פּרוכט ווי די דרייצן. די טייטל וועט ווידער ווערן אַן ארץ ישראל פּרוכט.

דער גן רחל אין כנרת, דער ריזיקער גאָרטן, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער צאַרטער דיכטערין רחל, איז אַליין אַ העלדנ־ליד. וויפל קעמפערישער מוט און ווילן איז אין אים אַריינגע־לייגט געוואָרן! און אויך נישט ווייניקער ליבע. ליבע צום אַנדענק פון דער דיכטערין און ליבע צום לאַנד.

שטעלט זיך אויפן דאַך פון דעם הויכן הויז אויפן באַרג פון דער קבוצה כנרת און קוקט אַראָפּ צו דרום, וואו דער ירדן פליסט, קוקט אַהין, וואו די אייזנבאַן־ליניע ציט זיך מיט אירע שמאָלע ־רעלסן צום עמק, און זאָגט, וואָס זעט איר.

רעכטס אינדערנאָענט איז דער ירדן, און לינקס אינדערמיט איז דער ירמוק, און צווישן זיי אַ גרויס שטיק לאַנד, וואָס איז ווי צוטיילט אויף צוויי גלייכע חלקים.

ווי דערקענט איר די צוטיילונג? איז דען פאַראַן אַ צו־טייל־ליניע צווישן די צוויי גלייכע חלקים? וואָס איז די גרע־נעץ צווישן זיי?

עס איז די גרענעץ צווישן מדבר און גאָרטן, צווישן קולטור און ווילדקייט, צווישן לעבן און טויט.

וואו זעט איר די איינע, וואו זעט איר די אַנדערע?

רעכטס איז גאָרטן, לינקס איז מדבר; רעכטס איז קול־טור, לינקס איז ווילדקייט; רעכטס איז לעבן, לינקס איז טויט.

ריכטיק, רעכטס ציען זיך אין איין שורה די גערטנער און פעלדער פון כנרת, דגניה א׳, דגניה ב׳, השומר הצעיר, מנחמיה, דעלהאמיא — די קבוצה, וועלכע טראָגט נאָך דעם אַראַבישן נאָמען פון דעם אַראַבישן דערפל, פון וועמען די ערד איז געקויפט געוואָרן; דאָ האָט זיך ערשט אַריינגעקליבן די אַרבעטער־קבוצה פון נשר, און אַלע זיינען זיי איינגעטונקט אין גרינס און באַבויט מיט הייזער, וועלכע הויכע קולטור האָט

אויפגעשטעלט. לינקס אָבער ציט זיך ברוינער מדבר, אָן גראָז און אָן ביימער, נאָר ערטערווייז שווארצן זיך די פינסטערע בעדואינישע געצעלטן און הארט ביים ים כנרת שטייט דאָס דאָרף צעמאך, וואו עס זעען זיך א פּאָר גרינע פּאַלמען־קעפּ.

דער יידישער נציב האָט צוטיילט דאָ די ערד, א העלפט איז פּ א ר ק ו י פ ט געוואָרן צו די יידן, די צווייטע העלפט איז א וועקגעשענקט געוואָרן די אראבער. האָבן די יידן זייער טייל פארוואנדלט אין א בליענדיקן גאָרטן, און ביי די אראבער איז דער מדבר געבליבן מדבר. ווייל די יידן ליבן דאָס לאנד פון זייער אַלטער פאַרגאַנגענהייט און האָבן פארבונדן מיט איר זייער צוקונפט און באארבעטן זי און זעען זי צו, ווי מענטשן, וועלכע ווילן דערגרייכן א שיינע צוקונפט. אָבער די אראבער ליבן נישט דאָס לאנד, באהאנדלען זי ווי פרעמדע, ווי מענטשן, וועלכע ריכטן זיך נישט אויף א צוקונפט. אָט די גרענעץ־ליניע דאָ ברענגט עס ארויס אזוי בולט, זאָגט עס ארויס אזוי קלאָר און דייטלעך, ווי דאָס וואָלט געווען פאר־שריבן אין בוך פון די פעלקער.

קוקט גוט, נעמט אריין אין זכרון דאָס בילד דאָ פאר זיך, ווי איר שטייט אזוי אויפן דאך פון דעם העכסטן הויז אויפן בארג פון דער קבוצה כנרת. דאָ האָט איר אין גרעסטער קלאָרקייט דעם קאפּיטל יידן און אראבער אין דעם לאנד, וואָס יידן הערן נישט אויף צו רופן ארץ ישראל און די אראבער הערן נישט אויף צו רופן מיט דעם נאָמען פּאַלעסטין, וועלכער האָט צו זיי און זייער געשיכטע קיין שום שייכות נישט...

## 12.

# דער אַראַבישער שטרייק און די יידישע „הבלגה"

די אייזנבאַן, וואָס גייט פון תל אביב נאָך חיפה און שניידט דורך פון חיפה דאָס לאַנד אין דער ברייט פון מערב נאָך מזרח און פאַרנעמט זיך נאָך צפון און אריבער דער גרע־נעץ, לויפט פאַרביי אַ סך אַראַבישע דערפער און פעלדער. כאַפּט מען אַזוי אַ פּלי־קוק אויף פאַרביילויפנדיקע מאָמענטן פון אַראַבישן וואַנדל. פרויען, פאַרשלייערטע און נישט־פאַר־שלייערטע, גייען צום ברונעם אָדער פון ברונעם מיט גרויסע וואַסערקרוגן אויף די קעפּ. אַ באַבאָרדעטער אַראַבער יאָגט זיך נאָך אַ ציג. יינגלעך קוקן אין די פענסטער פון דעם פאַרביי־לויפנדיקן צוג און שרייען עפּעס צו. אויף די פעלדער שטייען פעלאַכן און אַרבעטן.

ווי קומט עס, וואָס אויף די פעלדער ווערט געאַרבעט? איז נישט אַ שטרייק אין לאַנד, פולשטענדיקער שטרייק, שבת שבתון, און קיין אַראַבער טוט נישט קיין שום אַרבעט, נישט אין שטאָט און נישט אין דאָרף?

ניין, דער פעלאַך, דער ערד־אַרבעטער, שטרייקט נישט. איר וועט דורכפאָרן דאָס גאַנצע לאַנד און זען מיט אייערע אויגן, און איר וועט זיך איבערציינגן, אַז דער פעלאַך, דער ערד־אַרבעטער, שטרייקט נישט, נאָר טוט זיין געוויינלעכע טעגלעכע אַרבעט אויף זיין פעלד אַרום זיינע קאַוועם און זיין גרינס און זיין ביסל תבואה. און די פעלאַכן זיינען פינפ־

אומזיבעציק פּראָצענט פון דער אראַבישער באַפעלקערונג אין לאַנד.

שטרייקן בלויז פינפאונצוואַנציק פּראָצענט?

אָ, ניין! די אראַבישע ארבעטער אין חיפה שטרייקן נישט, די אראַבישע ארבעטער אויף דער אייזנבאַן גייען אָן מיט זייער ארבעט, די אראַבישע אָנגעשטעלטע ביי דער רעגירונג האָבן נישט פארלאָזן זייערע פּלעצער.

ווער־זשע שטרייקט?

די אראַבישע ארבעטער אין יפו און ירושלים, די אראַבער, וואָס האָבן געארבעט ביי יידן, די אראַבישע קרעמער אין די שטעט. די טירן פון די אראַבישע קראָמען אין ירושלים, אין יפו און טיילווייז אין חיפה, זיינען פארשלאָסן. די קרעמער זיצן אויף דער ערד ביי די טירן אין זיסן גאָרנישט־טאָן. אָבער אויב מיר ווילן זיין גענוי און פּינקטלעך, לאָמיר כאַפּן א קוק אויף די הינטערטירן פון די פארשלאָסענע קראָמען. איר זעט? א סך פון די הינטערטירן זיינען אָפן. ווער עס וויל קאָן אריינגיין און קויפן, וואָס דאָס האַרץ געלוסט.

„וואָס דאָס האַרץ געלוסט" איז בלויז מליצה. דאָס רוב אראַבישע קראָמען האָבן זייער ווייניק וואָס צו פארקויפן. אָפט קאָן מען אָפּקויפן די גאַנצע קראָם פאר עטלעכע דאָלאַר. איז דערפאר טאָקע רעדט מען אונטער, אז דער שטרייקנדיקער קרעמער, וואָס האַלט זיין קראָם פארשלאָסן פון פאָרנט און פון הינטן אין שטרענגער אָפּהיטונג פון דעם פּראָטעסט־שטרייק, האָט שוין לאַנג אריבערגעטראָגן זיין ביסל סחורה צו זיך אהיים, און זיין שטוב איז נישט פארשלאָסן פאר זיינע קונים.

איז דער שטרייק, הייסט עס, כמעט גאָר קיין שטרייק נישט?

ער א י ז א שטרייק. א שטרייק פון א קליינער מינאָריטעט, וועלכע איז בכוח צו מאַכן א רעש, ווי עס וואָלט געשטרייקט די גאַנצע אראַבישע באַפעלקערונג.

אָבער ווייל זי קאָן מאַכן אַזאַ רעש, און ווייל זי קאָן דערווייזן, אז מען זאָל איר רעש גלויבן און אָננעמען אים פאר דעם אויפגעשריי פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, ווערט זי,

די קליינע מינאָריטעט, די גאַנצע באַפעלקערונג, און אַלע חשבונות, אַלע אָראָפּרעכענונגען העלפן נישט.

עס איז די צייט פון מינאָריטעטנהערשאַפט, די צייט פון דיקטאַטור. איר האָט ביי די אַראַבער אין ארץ ישראל דיזעלביקע דיקטאַטור פון אַ קליינער מינאָריטעט, אַרויפגעצוואונגען אויף דער גאַנצער אַראַבישער באַפעלקערונג דורך ליגן און טעראָר. זאָל דער טעראָר אָפּגעשטעלט ווערן, וועט איר מאַכט אויפהערן, וועט דער שטרייק גלייך אויפהערן. דעמאָלט וועט זיך קלאָר אַרויסשטעלן, אַז די אַראַבישע באַפעלקערונג איז גאָרנישט פאַראייניקט אין דער יידנפראַגע, און אַז דעם ווייט גרעסטן טייל אירן וואָלט נישט איינגעפאַלן צו באַקעמפן די יידישע עליה, די יידישע איינוואַנדערונג.

פאַרוואָס זאָלן די אַראַבישע אַרבעטער און פעלאַכן באַקעמפן די יידישע עליה, אויב דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר האָט עפּעס אַ דעה אויף דער באַציאונג פון פעלקער צווישן זיך? די יידישע עליה ברענגט זיי אַרבעט און פּרנסה. די יידישע שטאָט איז געוואָרן אַ גרויסער אָפּנעמער פון די אַראַבישע דאָרף־פּראָדוקטן. אין די יידישע פּרדסים האָבן געאַרבעט טויזנטער אַראַבער, אין די יידישע פאַבריקן — טויזנטער אַראַבער, אַרום די יידישע בנינים — פול און פיל אַראַבער. יידן האָבן געבויט אַ סך, אויפגעבויט גאַנצע שטעט, אָבער די שטיינהאַקערייען, וואָס האָבן צוגעשטעלט שטיינער צו די בנינים, זיינען געווען אַראַבישע. די צושטעלער פון זיפּזיף, וואָס ווערט געברויכט אין דער מישונג פון בעטאָן, זיינען געווען אַראַבער. בכלל אַ לאַנגער צעטל פון אַרבעטן און באַשעפטיקונגען, וועלכע זיינען אויפגעקומען אָדער פאַנאַנדערגעוואַקסן זיך מיט דער יידישער עליה. זיי וואָלטן דאָ נאָך לאַנג לאַנג נישט געווען, אָדער וואָלטן געווען גאַנץ אומבאַדייטנדיק, ווען יידן וואָלטן נישט אַריינגעקומען אין לאַנד אין גרויסע צאָלן.

און דער געשריי „כיבוש עבודה"?

איז ליגנעריש ווי אַלע בלבולים. כיבוש עבודה — איינגעמונג פון אַרבעט — האָט אין ערגסטן פאַל געמיינט:

מיר זיינען מחויב צו שאפן ארבעט פאר יידן, אבער מיר זיינען נישט מחויב צו שאפן ארבעט פאר אראבער. אבער כיבוש עבודה האט קיינמאל נישט געמיינט ארויסצושטופן אראבישע ארבעטער פון ארבעט־פאזיציעס, וועלכע זיי האבן שוין פארנומען. האט קיינמאל נישט געמיינט ארויסצורייסן דעם ביסן פון מויל פון די אראבער, אוועקצונעמען ביי זיי די ארבעט. איז דען די אראבישע באַפעלקערונג אן ארבעטער־באפעלקערונג? זיינען דען די פעלאכן פראלעטאריער אין אמתן זין פון ווארט: מענטשן, וואס האבן נאר זייערע הענט צו פארדינגען? די פעלאכן זיינען עס קיינמאל נישט געווען. זיי זיינען געווען ערד־מענטשן. ארץ־ישראל איז דערפאר געווען א לאנד אן שטעט. אפילו שטעט, וואס האבן געהאט א גרויסע פארגאנגענהייט, זיינען געווען טיף אין דעם פראצעס פון נידערגאנג. חיפה און יפו זיינען עס געווען, איידער די יידן האבן אנגעהויבן זייער ארגאניזירטן צוריקקער. די יידישע עליה האט זיי געראטעוועט פון אונטערגאנג און געשטעלט זיי, אזוי צו זאגן, אויף די פיס. וואס איז שכם? וואס איז עזה? וואס איז עכו? נעמען פון היסטארישע שטעט. ווען עכו האט באקומען חשק ארויסצושטייגן פון אירע חורבות, ווייל זי האט אנגעהויבן מקנא צו זיין איר שכנה חיפה, האט זי זיך געווענדעט צו יידן, זיי זאלן זיך מרחם זיין און באזעצן זיך אין איר.

כיבוש עבודה האט געמיינט קודם כל: איינגע־מען, באזיגן די ארבעט פאר זיך אליין און זיך אליין פאר דער ארבעט. דאס איז געווארן דער לאזונג פון דעם נישט־ארבעטנדיקן ייד, פון דעם געוועזענעם ישיבה בחור און סטו־דענט, פון טאטע־מאמעס קינדער, פון בחורים, וואס האבן נישט געוואוסט, וואס צו טאן מיט זיך, און פון מיידלעך, וואס האבן געוואוסט, אז זיי דארפן זיצן און ווארטן אויף זייער זיווג. דאס איז געווען זייער רוף צו זיך אליין: לאמיר ווערן ארבעטער! לאמיר נעמען אויף זיך אלע ארבעטן! לאמיר באזיגן ארבעט! כיבוש עבודה!

דערנאך ערשט האט כיבוש עבודה אנגעהויבן צו מיינען

יידישע ארבעט פאר יידישע ארבעטער, וועלכע קאנען זיך אויף קיין שום אנדער ארבעט נישט ריכטן. די יידישע אונטערנעמער, דער מאן פון פרדס און דער פאבריקאנט, זאלן נישט גיין זוכן אראבישע ארבעטער, אימפארטירן אראבישע ארבעטער. מאכן ארבעטער פון אראבער, וואס זיינען קיינמאל קיין אר־בעטער נישט געווען, אוועקנעמען דעם פעלאך פון זיין פעלד און אקעראייזן און מאכן אים פאר אן ארבעטער אין דער אייגענער צייט, ווען טויזנטער יידישע ארבעטער גייען ארום אן ארבעט אין לאנד גופא, און צענדליקער און הונדערטער טויזנט יידישע ארבעטער אין פוילן און רומעניע מוזן געראַ־טעוועט ווערן פון אונטערגאנג דורך ארבעט־מעגלעכקייטן אין ארץ ישראל. די יידן, וואס זיינען שוין אין לאנד, מוזן צו־גרייטן פלאץ, וואס מער פלאץ, פאר די אומצייליקע, וואס קלאפן אין די טויערן פון לאנד, פאר וועמען ארץ ישראל איז די איינציקע האפנונג, די איינציקע רעטונג.

דערפאר די איינפירונג פון דער אינטענסיווער ווירט־שאפט, אז דורך קינסטלעכער באוועסערונג זאלן ד ר יי פא־מיליעס קאנען באזעצן זיך אויף דער צאל דונאמס, וואס איז ביז אהער באארבעט געווארן פון א י י ן פאמיליע. מען וויל מאכן פלאץ פאר די, וואס וועלן נאך קומען. איין מושב האט געהאט פראטעסטירט. ער וועט טאקע איינפירן אינטענ־סיווע ווירטשאפט, אבער די פריי געווארענע ערד וועט ער האלטן פאר זיינע אונטערוואקסנדיקע קינדער. אויף דערויף האט מען אים געענטפערט: ווען די קינדער וועלן אונטער־וואקסן, וועלן זיי דעמאלט באזארגט ווערן. איצטער מוזן בא־זארגט ווערן די, וועלכע ראטעווען זיך ארויס, אדער דארפן ארויסגעראטעוועט ווערן, פון די גיהינומס פון ביטערסטן יידן־האס און פאשיזם, פון די גיהינומס פון אויסהונגערנדיקע באיקאטן און בלוטיקע רואינירנדיקע פאגראמען.

דער גאנצער ישוב לעבט מיט איין געדאנק און ווילן: ארויסראטעווען וואס מער יידן. זיין איינציקע מורא איז די אפשטעלונג פון דער עליה.

עס איז גאר נישט לייכט צו לעבן אין א צושטאנד פון

טעראָר. מען צינדט אונטער, מען שיסט פון פאַרבאָרגענישן, מען וואַרפט באָמבעס, מען מאַכט דאָס לעבן אומזיכער — ווי מוז עס ווירקן אויף די נערוון! תל אביב איז א פעסטונג. הונדערט און פופציק טויזנט יידן צוזאַמען — דאָס איז שויז און זיכערקייט, און דער שרעק פאַר אַראַבישן טעראָר האָט דאָ נישט קיין פּלאַץ. און דאָך זיינען אויך די נערוון פון תל אביב איבערגעצויגן. די אָפטע שווארצע רעמלעך אין די צייטונגען ארום די נעמען פון אומשולדיק דערהרגעטע וואַרפן אָן אויף אַלעמען א מרה שחורה. וואָס האָט דער ישוב גע־דאַרפט טאָן צוליב זיין אייגענער רו און באַרואיקונג? אַרויס־קומען און דערקלערן: שטעלט אָפּ די עליה! איך וויל קאָנען שלאָפן רואיק. איך וויל נישט מער קיין הרוגים און קרבנות... אָבער דער ישוב וועט עס קיינמאָל נישט טאָן, וועט עס בשום אופן נישט זאָגן. פאַרקערט, ער וועט קעמפן מיט אַלע מיטלען קעגן אָפּשטעלן די עליה. ער איז גרייט אויף נאָך מער קרבנות, נאָר די עליה זאָל נישט אָפּגעשטעלט ווערן.

ווייסט איר די שווערסטע זאַך, וואָס דער ישוב האָט אויף זיך ארויפגעלייגט? דאָס איז די הבלגה! די געדולד און די איינהאַלטעניש נישט צו ענטפערן מיט באָמבעס אויף באָמבעס, מיט בלוט אויף בלוט, מיט שרפות אויף שרפות. מען ווערט טאָג טעגלעך גערייצט, פּראָוואָצירט. ווען דער ראַדיאָ צוטראָגט די נייס פון א נייעם יידישן קרבן, ווען מען דערזעט אין דער צייטונג דאָס שווארצע רעמל, שרייט אויף דאָס נקמה־געפיל, די ציינער בייסן זיך צוזאַמען, די הענט דריקן זיך צונויף אין פויסטן. אָ, גענוג צו ליידן און שווייגן! און — מען באַהערשט זיך. הבלגה! עס מאָג דאָס האַרץ פּלאַצן, נאָר נישט די גערולד. עס מאָג זיך דער מוח רירן, אָבער נישט די נקמה־נעמענדיקע האַנט.

וואָס־וואָס, קיין טרוסן איז מען אין ארץ ישראל נישט. מען האָט שוין לאַנג פאַרגעסן מורא צו האָבן. אָבער דער ישוב האָט איינגעשטעלט ארויפצוציען אויף זיך דעם מיאוסן נאָמען פון א טרוס, און נישט געלאָזן זיך פּראָוואָצירן. און

אַלץ צוליב דער עליה, אין נאָמען פון די טויזנטער און טויזנ־טער, וואָס מוזן אריבערגעראַטעוועט ווערן.

וואָרום וואָס וואָלט געווען, ווען מען וואָלט דערקלערט קריג דעם קריג און געענטפערט די אַראַבער מיט פייער אויף פייער? דאָס וואָלט געהייסן בירגערקריג, און די עליה וואָלט גלייך אָפּגעשטעלט געוואָרן. די ענגלישע רעגירונג וואָלט קודם כּל באַשטראָפט די יידן. אין דעם קאָן קיין ספק נישט זיין. און בדי נישט צו געבן דעם ענגלישן באַלעבאָס אַן אויסרייד אויף אָפּצושטעלן די עליה, און אפשר גאָר ארויסצודרייען זיך פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, טראָגט דער ישוב אַלץ אַריבער, ליידט ער אין אייזערנער געדולד און — מאַכט וויצן, אויפן יידישן שטייגער. וויצן איבער זיך אַליין, איבער דער רעגירונג, איבער דעם אראבישן שטרייק, און אפילו איבער די אראבישע באָמבעס.

דעלהאַמיא, די יינגסטע קבוצה אין דער הגניה־געגנט, איז אַן אייזנבאַן־סטאַנציע. דאָס הייסט, די אייזנבאַן שטעלט זיך דאָרטן אָפּ, אָבער דערוואַרט דאָרטן נישט קיין שום שטיקל געביידע, כאָטש אַ קליין דעכל, אונטער וועלכן מען זאָל זיך קאָנען באַהאַלטן פון דער ברענענדיקער זון און וואַרטן אויפן צוג. אויף דריי פּלעקער, וואָס שטייען ווי אַ סגל איז אויפ־געשלאָגן אַ בלעך, און איר זייט, וואָס איז צוגעווענדט צו די רעלסן, טראָגט אויף זיך אין די דריי אָפיציעלע לאַנד־שפּראַכן דעם נאָמען ד ע ל ה א מ י א. אויף דער דאָזיקער בלעך האָט אימיצער ארויפגעבלייפּענט מיט גרויסע אותיות: פּ צ צ ו ת, י ר י ו ת, א י ן א ס ו נ ו ת (פּצאַצאָט, ירואָט, איין אַסאָ־נאָט) — ב אָ מ ב ע ס, ש אָ ס ן, ק יי נ ע ם ג ע ט ר אָ פ ן. דאָס האָט דער עמיצער קלאָנגפּול פּאַרלאַכט די טעגלעכע ראַ־דיאָ־באַריכטן פון דער רעגירונג. פּאַרלאַכט געווים מיט „יאַש־טשערקעס”. אפשר אין אַ טאָג, ווען אַ באָמבע אָדער אַ שאָס האָט יאָ געטראָפן. און ווען איינער וועט איבערלייענען די דאָ־

זיקע ווערטער, ווען ער פּונקט אזוי לאכן. א ביטערער גע־לעכטער, מיט אַן אַך־און־וויי.

אָבער דאָס איז הבלגה. דער מוט צו פארלאכן טיפן ווייטיק און אלץ אריבערטראָגן אין נאָמען פון עליה און אויפבוי.

## .13

# די דייטשישע יידן אין ארץ ישראל

די טויזנט־יעריקע געשיכטע פון די יידן אין דייטשלאנד איז א לאנגער צעטל פון פארפאלגונגען און ארויסטרייבונגען, פון שחיטות און שמד־גזירות. אונזערע קינות באוויינען גאר א סך דייטש־יידישע קדושים. ערשט מיט דער אויפקלערונג פון דעם אכצנטן יארהונדערט הייבן אן אויפצוהערן די ארויסטרייבונגען, און אין דעם נײַנצנטן יארהונדערט באקומען די יידן אין דייטשלאנד גלייכע רעכט, און עס הייבט זיך אן דאס אנטלויפן פון זיך אליין, דאס פארמישן זיך און פארשווינדן. די אנטיסעמיטישע שטורמס, וואס האבן זיך כסדר געטראגן איבערן לאנד, זיינען געוועזן אומאנגענעם, אבער האבן נישט באאומרואיקט. די ארויסטרעטונגען פון די גרעסטע דייטשע דענקער און דיכטער קעגן יידן האבן ווי געטאן, אבער נישט קאליע געמאכט די געשעפטן און נישט געשטערט דער קאריערע. דער נישט אויפהערנדיקער „פרעמדע!״־געשריי איז אויפגענומען געווארן מיט כעס און פראטעסט, ווי אן אומפארדינטע באליידיקונג. זיי זיינען געווארן איינס מיט דייטשלאנד. זיי האבן געזונגען „דייטשלאנד, דייטשלאנד איבער אלעם״ מיט נישט ווייניקער איבערצייגונג ווי אן אייניקל פון הערמאן דעם כערוסקער. זיי האבן זיך געפילט, ווי בוימער איינגעווארצלטע אין דעם אורוואלד פון דייטשלאנד, צו וועלכע קיין שטורם קאן גאר נישט צוקומען.

דער שטורם איז דאָך צוגעקומען, האָט זיי ארויסגעריסן מיט די וואָרצלען, אוועקגעלייגט אין קויט פון די גאַסן, ארויסגעוואָרפן פון לאַנד. א סך פון זיי זיינען פארטראָגן געוואָרן נאָך ארץ ישראל. עטלעכע צענדליק טויזנט. אַלטע און יונגע.

ווי באַנעמען זיי זיך אין ארץ ישראל? וואָס איז ארץ ישראל זיי און וואָס זיינען זיי ארץ ישראל? ווי וואָרצלען זיי זיך איין אין לאַנד און פאָלק? ווילן זיי זיך איינוואָרצלען? ווילן זיי ווערן איינס מיט דעם גאַנצן ישוב, איינס מיט דער האָפנונג אין דעם ווילן צו גאַנצקייט און ווידעראויפלעבונג פון לאַנד און פאָלק?

אויפן וועג פון נהלל נאָך עפולה האָבן מיר ארייַנגענומען אין אונזער אויטאָמאָביל א דורכגייער, וואָס האָט פארשפּע־טיקט דעם אויטאָבוס. א מאַן אין די פערציקער מיט א פאָרט־פעל אונטערן אָרעם און אַ צונג אויף רעדער. מיר האָבן אים גאָרנישט געדאַרפט פרעגן און אויף זיינע פראַגן האָבן מיר אים נישט געדאַרפט ענטפערן. ער האָט אַליין געפרעגט און אַליין געענטפערט און קיינעם נישט געלאָזט קומען צום וואָרט.

„איר זייט פון אַמעריקע...” האָט ער האַלב געפרעגט, האַלב געענטפערט אויף דייטש, און גלייך צוגעגעבן: „איך זע, איר זייט פון אַמעריקע. צו באַזוך, נאַטירלעך. אויף א ווייל בלויז. וואָס דען? איר וועט דען אַוועקוואַרפן אַמעריקע? אייך איז גוט, אייך איז וואויל ווי די וועלט. אונז אין דייטש־לאַנד איז אויך געוועזן גוט. פילייכט נאָך בעסער ווי אייך אין אַמעריקע. וואָס האָט אונז געפעלט? דערהויפּט נאָך דער מלחמה. דאָס איז געוועזן אַן אויפשטייג! און אויך איצט נאָך, איך זאָג אייך, אויך איצטער נאָך. נאָך אַלץ בעסער, ווי... וואָס האָט מיך פארטראָגן אַהער? איז דאָס א לאַנד! איך זאָג אייך, איז דאָס א לאַנד! האָט בעסער נישט געזאָלט באַשאַפן ווערן! א לאַנד פון מילך און האָניק! א שיינער וויץ... א לאַנד פון פיין און צרות איז עס. סדום איז דאָ! ערגער ווי סדום! קיי־נער קימערט זיך אום קיינעם נישט. יעדער פאַר זיך, דער אַנדערער מאָג אויסגיין פאַר די אויגן און גאָרנישט. נישט

אמת דען? וואָס האָבן זיי געטאָן פאַר אונז? האָט איר אַן אַנונג? מיין שוועגער איז גערעכט. וואָס פאַר אַ גיהינום דייטשלאַנד זאָל איצטער נישט זיין, איז עס נאָך אַלץ אַ גן עדן אין פאַרגלייך מיט הי. ארץ ישראל רופט עס זיך! ישראל, באַה! אין זאָג אייך, מיין גרעסטער טעות: נישט געדאַרפט פאַרלאָזן דייטשלאַנד, היטלער וואָלט מיך נישט געטשעפּעט. ער פאַרפאָלגט נאָר קאָמוניסטן, און איך בין נישט קיין קאָ־מוניסט. איך האָב געקאָנט רואיק בלייבן. מען פאַרדינט דאָרטן נאָך גוט..."

מיר זיינען אָנגעקומען אין עפולה, און ער האָט אונז פאַרלאָזן. אונזער שאָפער איז געווען גאַנץ אויסער זיך.

„ווען נישט איר," האָט ער געזאָגט, „וואָלט איך אים געהייסן פאַרנעמען זיך. ווער האָט זיי געבעטן אַהער קומען, די יעקעס? סך הכל, איז דער אפילו קיין יעקע נישט. איר האָט דאָך געהערט זיין דייטש. אַ גאַליציאַנער, און נאָך וואָס פאַר איינער! און ער רופט אונז סדום! וואָס האָט ער געוואָלט, זאָל מען דאָ פאַר אים טאָן? טראָגן אים אויף די הענט? ארומ־ניאַנטשען זיך מיט אים? ווייל אים האָט היטלער ארויסגעט־ריבן, איז ער מער יחסן פאַר מיר? ווי האָב איך עס גע־האַט, ווען איך בין אריינגעקומען אין לאַנד? טויזנט מאָל ערגער, און צו קיינעם קיין טענות נישט געהאַט. די יעקעס וואָלטן געוואָלט, מיר זאָלן דאָ שטיין פאַר זיי אויף די קני, אָפּטרעטן זיי דעם וועג. אַ קלייניקייט, זיי קומען דאָך פון דייטשלאַנד! זיי זיינען דאָך עפּעס דייטשן! די אויבערשטע פון שטויסל! יונקערס!..."

„פאַרוואָס רעדט איר אַזוי בייז וועגן זיי?"

„ווייל זיי פאַרדינען נישט בעסער! זיי האָבן אריינגע־טראָגן אַ פרעמדקייט אין לאַנד, אַן אָפּגעזונדערטקייט, האָבן אונז אַלעמען קאַליע געמאַכט. איר האָט געזען תל אביב? דאָס הערט אויף צו זיין תל אביב. עס ווערט שוין קליין־בערלין. די דייטשע שפּראַך, די דייטשע קאַפעס. האָט איר געזען, ווי זיי זיצן עס דרויסן פאַר די קאַפעס און שפּילן אין

קאַרטן? תל אביב האָט עס פריער קיינמאָל נישט געהאַט. עס איז נישט אין גייסט פון דעם ישוב. אָבער זיי מאַכן זיך נישט אויס פון דעם גאַנצן ישוב. זיי זיינען פרעמדע געוועזן און פרעמדע פאַרבליבן. דער וויץ איז, אַז זיי האַלטן זיך פאַר געסט. היטלער און די נאַציס וועלן אַראָפּ, און אַ נייע רע־גירונג וועט זיך איבערבעטן מיט די יידן און אַרויסשיקן נאָך זיי שאַלאַטן־שמשים... אַז זיי זיינען אָנגעקומען אַהער אין לאַנד, האָבן אַ סך פון זיי נישט געוואָלט פּאַנאַנדערפּאַקן זיך ווי געהעריק. צו וואָס פּאַנאַנדערפּאַקן זיך, אַז אָט באַלד וועט מען זיי רופן צוריק! זיי האָבן זייער געלט אַריינגעלייגט אין די בענק פון ארץ ישראל פון זיכערקייט וועגן און נישט אָנ־גערירט זיי, נישט אַריינגעלייגט אין געשעפטן. אַז צו וואָס? אַז אָט באַלד וועט מען פאָרן צוריק. געוועזן אפילו אַזעלכע, אָט ווי דער גאַליציאַנער דייטש, וואָס האָבן זיך איינגערעדט, אַז היטלער פאַרפאָלגט נאָר קאָמוניסטן און אָסט־יידן, און האָבן זיך געלאָזן צוריק. נישקשה, זיי פעלן דאָרטן, מ'וועט זיי אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס. נו, נו, האָט מען זיי אויפ־גענומען! אין די אָפענע אָרעמס פון די קאָנצענטראַציע־לאַ־גערס... דאָס האָט געווירקט אויף די אַנדערע, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אויספּאַקן. פאַרפאַלן, מ'מוז שוין דאָ בלייבן. זיינען זיי דאָ געבליבן, ווי זיי וואָלטן אונז אַלעמען אַ טובה געטאָן. מיט פאַרריסענע נעזער, אַזעלכע קאַלטע, אָפּגעזונ־דערטע, מערב און מזרח, וועלכע קאָנען זיך קיינמאָל נישט באַגעגענען. איז זייט דאָ אַ צדיק און רעדט נישט בייז!..״

האָב איך דערציילט אונזער שאָפער פון אַן אַנדער באַ־געגעניש.

וואוינט אין דער קבוצה גבעת ברענער אַ דייטשער ייד, אַ צוויי־און־זעכציק־יעריקער מאַן, אַן אינזשיניער. איין טאָג קומט ער אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קבוצה און דערקלערט, אַז ער מוז אַוועק.

פאַרוואָס? וואָס איז געשען?

מען האַלט אים פאַר אַ פרעמדן. מען האָט צו אים קיין צוטרוי נישט. ער קאָן דאָ מער נישט בלייבן.

ווי, ווען האָט מען אים אַרויסגעוויזן אומצוטרוי?

מען האָט צוגעשטעלט שומרים אין די טרענטשעס אַרום דער קבוצה, און ער איז נישטאָ צווישן זיי. אים האָט מען נישט אויסגעקליבן צווישן די שומרים. ער איז אַ פרעמדער. מען האָט צו אים קיין צוטרוי נישט.

אָבער אין די טרענטשעס האָט מען דאָך געשיקט בלויז יונגע מענטשן.

דאָס איז קיין תירוץ נישט. ער איז קרעפטיק, ווי צוויי יונגע מענטשן. ער איז געשטאַנען אין די טרענטשעס פון דער וועלט־מלחמה. ער קאָן גוט שיסן. ער קאָן אויך אָרגאַני־זירן דעם זעלבסטשוץ. אָבער דער עיקר, ער וויל טיילן אַלע געפאַרן פון דעם ישוב. ער וויל ארץ ישראל װערט זיין. ער וויל דינען, ווייל ער וויל זיין איינבירגערן־זיך אין דעם יידישן פאָלק פאַרדינען. אָבער מען האָט צו אים קיין צוטרוי נישט.

אין יענעם אָוונט איז ער שוין געשטאַנען אין אַ טרענטש מיט אַ ביקס אין דער האַנט, גרייט אַוועקצוגעבן זיין לעבן פאַר ישראל און ארץ ישראל, פון וועלבע ער איז געוואָרן אַ טייל.

„אַ, יע!‟ האָט דער שאָפער געזאָגט, „געוויס זיינען זיי נישט אַלע אַזוי ווי די, אויף וועלכע איך האָב זיך געבייזערט, און ווי דער פריערדיקער גאַליציאַנער דייטש מיט זיין שווינער. פאַראַן צווישן די דייטשע יידן גאַנץ באַזונדערס פיינע טיפּן. אַזעלכע, וועלכע זיינען אַריין אין אונזער לעבן מיט זייער גאַנצער נשמה. און דער עיקר זייער יוגנט. די שענסטע יוגנט, וועלכע מיר האָבן ווען פאַרמאָגט. אַ זעלטן שיינער און קרעפ־טיקער צווייג אויף אונזער פריש אויפגרינענדיקן בוים.‟

אין עפולה האָבן מיר אַריינגענומען אין אויטאָמאָביל אַ יונגן חלוץ, וואָס האָט געדאַרפט נאָך עין חרוד, וואוהין מיר זיינען געפאָרן. אַ הויכער, אַטלעטיש געבויטער, געבאָרענער בערלינער, צוויי יאָר אין ארץ ישראל און רעדט שוין פליסיק העברעאיש.

מיר האָבן אים איבערגעגעבן, וואָס דער „דייטש‟ האָט דאָ

פריער אָנגערעדט. זיינע שווארצע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן.

„אָ, איך ווינטש, ער וואָלט געבליבן אין דייטשלאַנד. היט־לער וואָלט אים שוין דערוויזן, אז ער איז א קאָמוניסט. איך וואָלט אים געגעבן צושטייער, ער זאָל פאָרן צוריק. דער קאָנ־צענטראַציע־לאַגער וואַרט דאָרטן אויף אים. אויף אים און זיין גלייכן. זיי ווילן נאָך נישט קומען צו זיך. זיי זיינען נאָך נישט ביים זינען. גלות־מענטשן! ... וואָס פאַר יידן זיינען זיי?"

„ווי האָט איר זיך דאָ עפּעס איינגעלעבט?"

„א ניי־געבאָרענער. איך האָב נישט קיין פאַרגאַנגענ־הייט."

„און א צוקונפט?"

„די צוקונפט פון דער קבוצה. די צוקונפט פון דעם גאַנצן ישוב."

א יונגער חלוץ, וואָס איז איבערצייגט געוואָרן אַלס וועלטבירגער מיט קאָסמאָפּאָליטישע אידעען, האָט אָנגעשריבן די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„מיר האָבן די לעצטע יאָרן געלעבט אין דייטשלאַנד מיט דער האָפנונג צו עמיגרירן נאָך ארץ ישראל. אַדאַנק דער דאָזיקער האָפנונג האָבן מיר געקאָנט איבערטראָגן דעם שטענדיקן דרוק, וואָס ליגט אויף דער גאַנצער דייטשער ווירק־לעכקייט. מיר פון דער יוגנט האָבן גאַנץ באַזונדערס געפילט דעם גייסטיקן דרוק. און ווייל די יוגנט איז אין יעדער צייט דער דור פון פרייהייט, דער דור פון גייסטיקע רעוואָלטן, האָבן מיר זייער שטאַרק געליטן פון דעם רעזשים אין דייטש־לאַנד.

מיר ווייסן, וואָס היטלער האָט געטאָן צו די יידן, און פונדעסטוועגן ליבן מיר די דייטשלאַנד פון גייסט, פון קול־טור. אָט דער דאָזיקער גייסט איז איינגעבאָרן אין אונז, איז אונז ווי א פאָטער, אין וועלכן מיר גלויבן, אפילו ווען ער שטראָפט אונז. אין דעם דאָזיקן גייסט האָבן מיר זיך אַנטוויקלט ווי מענטשן, און געוויס אויך ווי יידן. נאָר ווייל מיר האָבן נישט געהאַט קיין ערד אונטער די פיס, מיר זאָלן קאָנען

לעבן אַלס יידן, האָבן מיר זיך געמוזט באַגעבן נאָך ארץ ישראל, אום צו לעבן ווי אַן אַקטיווער טייל אין דער אויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק...

אַן אָביעקטיווער צושויער וועט זאָגן: מיר זיינען אַוועק פון אַ באַרבאַרן־לאַנד און זיינען אָנגעקומען אין אַ צוריק־געשטאַנענעם לאַנד. זיינען מיר געקומען צו באַגיין דאָ זעלבסט־מאָרד? און ער וועט זאָגן, אַז עס איז אַ סך גלייכער צו פאַר־לאָזן דאָס לאַנד און זוכן זיך אַן אַנדער רעטונגס־פּלאַץ. אַ סך האָבן טאַקע אַזוי געטראַכט און האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. איז דאָס דער ריכטיקער ענטפער?

מיר קאָנען נישט זיין אָביעקטיוו. מיר מוזן געבן דעם ענטפער ווי יידן, נישט לויט לאָגיק, נאָר לויט געפיל... מיר דאַרפן אויפהייבן אונזער קול און זאָגן דער גאַנצער וועלט און באַזונדערס די יידן, אַז עס איז פאַראַן אַ צוקונפט פאַרן פאָלק ישראל. דאָס לאַנד פון אונזער אַרבעט איז נישט פּ א ־ ל ע ס ט י נ ע, אַ לאַנד פון רעטונג פאַר אונז, אַן אַזיל, נאָר איז א ר ץ י ש ר א ל, דאָס לאַנד פון אונזער אויפלעבונג. מיר זיינען נישט קיין אימפּעריאַליסטן, מיר דענקען נישט צו פאַרכאַפּן לענדער און פעלקער. מיר ווילן אויפבויען אַ פאָ־טערלאַנד פאַר דעם וואַנדערפאָלק — מיט דער אַרבעט פון אונזערע הענט.

מיר ווילן זי בויען מיט שלום. און ווייל עס איז פאַ־ראַן אַ יוגנט, וואָס קומט אַהער געטריבן פון אידעאַלן און אַנטשלאָסנקייט, איז פאַראַן האָפנונג פאַרן פאָלק ישראל."

פרעמדקייט קלינגט אַרויס פון די דאָזיקע ווערטער, אַן אַראָפּלאָזן־זיך. און אַזוי האָבן זיי אַלע געפילט, די פון דער דייטש־יידישער יוגנט. זיי זיינען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דער דייטשער הויך אין די נידעריקייטן פון אַ פאָלק, וואָס איז קיין פאָלק נישט געווען, אין אַ לאַנד, וואָס איז אַ וויסטע. אָבער זיי האָבן זיך איבערגעבראָכן, זיינען אַריין אין פאָלק, צונויפגעגאָסן זיך מיט אים. ווי דער חלוץ פון עין חרוד, האָבן

זיי פארגעסן זייער פארגאנגענהייט, און זייער צוקונפט איז געוואָרן די צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק אַט אין דעם לאנד, וואָס איז געוועזן א וויסטע און דארף אויפגעבויט ווערן אויף יסודות פון באפרייטער ארבעט מיט דער ארבעט פון די הענט פון זיינע בויער.

## .14

# קולטור-צושטאַנד אין ארץ-ישראל

א מודעה אין א העברעאישער צייטונג אין ארץ ישראל אונטער דעם קעפּל „השבת אבדה" — אומקער פון פאַרלאָרנס: „געפונען געוואָרן א טייסטער און אין אים געלט, ווענדן זיך צו..."

נישט קיין זעלטנהייט אזא מודעה. כמעט א טעגלעכע דערשיינונג.

צווישן די אכט טויזנט ארעסטאַנטן אין דער צענטראַלער געפענגניש אין עכו איז אין זומער 1932 קיין איין ייד נישט געוועזן. די פּופּצן יידישע קאָמוניסטן, וואָס זיינען דאָרטן דעמאָלט געזעסן, זיינען נישט אריין אין כלל. די רעגירונג אליין האָט זיי נישט געהאַלטן פאַר קיין פאַרברעכער.

אין תל אביב האָט מען זיך דעמאָלט באַרימט, אז גנבות זיינען דאָרטן א זעלטענע זאַך, און אז אויך די זעלטענע גנבות ווערן דאָס רוב באַגאַנגען פון אראַבער.

פאַר די לעצטע פיר יאָר האָט זיך די באַפעלקערונג פון תל אביב פאַרדרייפאַכט. די גרויסע כוואַליע פון אימיגראַציע האָט אריינגעטראָגן אין לאַנד עלעמענטן מיט לעפּקע פינגער. גנבות זיינען שוין געוואָרן נישט קיין זעלטענע זאַך, און די צענטראַלע געפענגניש אין עכו איז נישט געוועזן מער יידן־ריין. אָבער אָט האָבן זיך אָנגעהויבן די מ א ו ר ע ו ת, די בלוטיקע געשעענישן. דער ישוב האָט אויף זיך ארויפגעלייגט

די דיסציפלין פון דער הבלגה, געלייטערט און געהייליקט זיך אין איר עטישקייט. און עס האָבן אויפגעהערט גנבות. די לעפּקע פינגער האָבן זיך אויך דיסציפּלינירט, אָפּגעהאַלטן זיך פון צו שיטן זאַלץ אויף די וואונדן.

א קוריאָז, אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קולטור־צושטאַנד פון דעם ישוב.

קליין איז דער ישוב. אפילו איצטער מיט זיינע איבער פירהונדערט טויזנט יידן איז ער זייער קליין, אָבער ווי גרויס זיינען זיינע אויפטואונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם לאַנד! ער האָט אויסגעטריקנט זומפּן, מדבר פאַרוואַנדלט אין גאָרטן, זאַמד אין פּרוכטבאַרער ערד, אויפגעבויט שטעט און דערפער, אויפגעשטעלט אַן אינדוסטריע, אַנטוויקלט די אַגריקולטור. גרויסע, שווערע ארבעטן, וועלכע דינען אַנדערע פעלקער און מלוכות אַלס אַנטשולדיקונג פאַר זייער קולטורעלער צוריקגעשטאַנענקייט. ווען מען האָט אַזויפיל צו טאָן און אויפצוטאָן אין קאַמף מיט נאַטור און עקאָנאָמיק, מוז ליידן די קולטור פון גייסט. מוז זי זיין געדולדיק און וואַרטן. אָבער נישט אַזוי ביים קליינעם ישוב פון ארץ ישראל. גשמיות און רוחניות גייען צוזאַמען. די קולטור פון גייסט ווערט נישט אָפּגעלייגט, ווערט נישט פאַרנאַכלעסיקט.

די אוניווערזיטעט אין ירושלים, דאָס טעכניקום אין חיפה, די גימנאַזיע אין תל אביב, די נעץ פון שולן, פון עלעמענטאַרע און מיטעלע, איבערן גאַנצן לאַנד, די פּרעסע, דאָס בוך, דער טעאַטער, די מוזיק... אַ שפע פון גייסטיקער קולטור. פון דער רעגירונג נישט אונטערגעשטיצט, אַלץ געטאָן אויף אייגענעם חשבון. די רעגירונג, וועלכע ווערט רייך פון יידישע שטייערצאָלער, פילט זיך נישט פאַר פאַרפליכט ביייצוטראָגן עפּעס צו דער דערציאונג פון די קינדער פון דעם יידישן ישוב.

אפילו דער אָרעמערער טייל פון דער באַפעלקערונג, די אַרבעטערשאַפט, מוז אויסהאַלטן אַ גרויסע נעץ פון שולן אין שטאָט און דאָרף אויף אייגענעם חשבון. זי ווערט שוין געקריוודעט אויך פון דער אייגענער בורזשואַזיע. תל אביב גיט פינפאונדרייסיק טויזנט פונט אַ יאָר אויף דעם חינוך פון מזרחי

קינדער אָבער קוים טויזנט פונט אויף דעם חינוך פון די קינדער פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט, פון דער הסתדרות. זי גיט דרייהונדערט פונט צושטייער דער ארבעט־שול פון דעם מזרחי מיט דרייצן תלמידים, און דרייהונדערט און אכציק פונט דער הסתדרותס ארבעט־שול אויף דעם נאָמען פון מאַקס פיין מיט הונדערט און צען תלמידים. פּראָטעסטירט די ארבעטערשאפט קעגן אזא באהאנדלונג, פאָדערט איר חלק אין דעם בודזשעט, און גייט אָן מיט איר שול־ארבעט. בויט שול נאָך שול פאר די קליינע קינדער, שטעלט אויף מיטלשולן, פירט איין אָוונטקורסן פאר דערוואַקסענע, קנעלט מיט די נייע אימיגראַנטן, האַלט אויס סעמינאַרן פון העכערער בילדונג פאר ארבעטער. אירע ארבעטער־קלובן זיינען דערציאונג־קלובן, פּלעצער פאר רו און לערנען. די קולטור־ארבעט פארנעמט אן אויבן־אָן.

די פּרעסע... דער קליינער ישוב פארמאָגט טעגלעכע צייטונגען, וועכנטלעכע צייטונגען, מאָנאטלעכע זשורנאַלן. און ווידער מארשירט דאָ די ארבעטערשאַפט פאָרויס. איר טעגלעכע צייטונג, דער „דבר", דערשיינט צווייטאָל א טאָג און האָט די גרעסטע צירקולאַציע. די מאָרגן־אויסגאַבע צוגייט זיך אין ארום דרייסיק טויזנט, די אָוונט־אויסגאַבע אין ארום פופצן טויזנט. איז נישט בלויז צייטונג, נייס־ברענגער, נאָר קעמפער, פירער, לערער, בויער. די צוויי־וועכנטלעכע צייטונג „במעלה", וואָס ווערט ארויסגעגעבן פאר דער ארבעטנדיקער יוגנט, איז — אויף חידושים! ווערט ארויסגעגעבן אָן פאָנדן, מיט הוילע נסים, און איז איינע פון די שענסטע אויסגאַבן פאר דער יוגנט. רייך אין אינהאַלט, שיין געדרוקט, פארצירט מיט בילדער. נאָר ליבע צו דער ארבעטנדיקער יוגנט און הויכע קולטור־שטופּע קאָנען אזוינס שאַפן מיט ליידיקע צען פינגער.

אָבער אויך די ליבעראַלע בורזשואזיע קאָן שטאָלץ זיין אויף איר טעגלעכער צייטונג „הארץ", ווי אויך אויף איר מאָנאַטלעכן זשורנאַל „מאזנים", אין וועלכן עס באַטייליקן זיך די בעסטע שרייבער פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

פירהונדערט טויזנט מענטשן... דערפון אראָפּגערעכנט צענדליקער טויזנט קינדער, דערפון אראָפּגערעכנט צענדליקער

טויזנט, וואָס זיינען נישט דערוואַקסן צו ליטעראַטור, צענד־ליקער טויזנט, וואָס אינטערעסירן זיך נישט מיט ליטעראַטור, צענדליקער טויזנט, פאַר וועמען ליטעראַטור איז א פאַרבאָטענע פּרוכט אין דעם גאָרטן פון ישראל, און צענדליקער טויזנט, וואָס קענען נאָך נישט דאָס העברעאישע וואָרט — וויפיל בלייבט פאַר דעם העברעאישן בוך? און דאָך אזויפיל פאַר־לאַגן, וועלכע ברענגען ארויס בוך נאָך בוך. ד ב י ר, ש ט י ב ל, א מ נ ו ת, י ז ר ע א ל, א ו ד י ם, י ב נ ה, ק ר י ת ס פ ר, ר א ו ב ן מ א ס, ב מ ע ל ה... האָב איך אַלע אויסגערעכנט? האָב איך מיר אַלע פאַרנאָטירט? געווים א סך נאָך אויס־געלאָזן. ווי קאָנען זיי עקזיסטירן? ווי האַלטן זיי אוים? דער קליינער טייל פון דעם קליינעם ישוב מוז זייער בוך־הונ־געריק זיין.

ווי ער איז זייער טעאַטער־הונגעריק. דער קליינער ישוב פון פירהונדערט טויזנט מיט די אַלע אָראָפּרעכנונגען פון קינ־דער און דערוואַקסענע, וואָס זיינען נישט דערוואַקסן צו טע־אַטער, האַלט אוים פיר גרויסע טעאַטער־געזעלשאַפטן.

די בארימטסטע פון די פיר איז „הבימה". זי האָט זיך דערוואָרבן איר בארימטקייט אין מאָסקווע, ארומגעפירט זי איבער דער וועלט און פאַרפלאַנצט זי ענדלעך אין ארץ ישראל. „הבימה" איז דאָרטן נישט גרעסער געוואָרן, נישט געוואָרן באדייטנדיקער, איז זיך נישט אריבערגעשטיגן. איז זיך נאָר געבליבן געטריי. אין דער גרויסער אָרעמקייט, אין וועלכער זי לעבט און ארבעט, האָט זי נישט געקאָנט אוועק אויף אַנדע־רע און ווייטערע וועגן. דערהאַלטן דאָס דערגרייכטע — דאָס אַליין איז געווען א דערגרייכונג. יעדעס יאָר קומט זי ארוים מיט נייע פּיעסן, וועלכע זי נעמט דער עיקר פון דעם וועלט־רעפּערטואַר, ווי אויך פון יידיש. שעקספּיר פאַרנעמט דעם אויבן־אָן, דערנאָך שלום עליכם און לייוויק. און אַלץ ווערט אוועקגעשטעלט מיט דער ערנסטער באַציאונג צו קונסט, וועל־כע זי האָט געבראַכט מיט זיך פון מאָסקווע און ווערט גע־פּאָדערט פון דעם טעאַטער־גייער אין תל אביב. ער קאָן נישט דערנערן זיין „הבימה" ווי געהעריק, אָבער ער קאָן שטעלן און

שטעלט פֿאָדערונגען. א שוואַכער שריט, א פֿאַרגרייזטע אויפֿ־פֿירונג רופֿט ארוים פּראָטעסט. און ער פֿאָדערט ווייטערע אַנטוויקלונג, אויפשטייג. דערפֿאַר שטרענגט זיך תל אביב אָן און בויט פֿאַר זיין „הבימה” א גרויסן טעאַטער.

אָבער אויך דער „אהל” ווערט נישט פֿאַרגעסן — דער „אהל”, דאָס קינד פֿון דער ארץ ישראלדיקער ארבעטערשאַפֿט. ארבעטער, מיטגלידער פֿון דער הסתדרות, האָבן זיך אָרגאַני־זירט אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון דעם אויסגעצייכנטן בינענ־קינסטלער משה הלוי, א געוועזענעם מיטגליד פֿון „הבימה”, געאַרבעט בייטאָג און געשטודירט ביינאַכט, גענומען ערנסט זיך און די קונסט און זיינען אויסגעוואַקסן. עס האָבן זיך אַנט־וויקלט גוט געשולטע שוישפּילער, עס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן א רייכער רעפּערטואַר (געבאָרגט פֿון דער וועלטבינע, ווי אויך פֿון יידיש) — „אהל” איז געוואָרן דערוואַרטונג, שפּאַנונג. יעדע נייע אויפֿפֿירונג פֿון „אהל” איז פּונקט אַזאַ קינסטלערי־שע דעראייגניש אין לאַנד, ווי יעדע נייע אויפֿפֿירונג פֿון „הבימה”. און א געזעלשאַפֿט „למען האהל” שטעלט זיך די זעלביקע צילן און אויפֿגאַבן, ווי די געזעלשאַפֿט, וואָס האָט אויף זיך גענומען צו העלפֿן „הבימה” אין אירע נויטן.

און זייט ביי זייט מיט די צוויי לעבט און ווירקט דער „מטאטא”, דער ב ע ז י ם , דער טעאַטער פֿון איראָניע און סאַ־טירע, פֿון בעזימען זיך און אַנדערע, פֿון אויסקערן, וואָס דאַרף אויסגעקערט ווערן אין דעם ארומיקן לעבן. אין קליינע איינ־אַקטער ווערן אויפֿגענומען פֿראַגן פֿון טאָג, ישוב־פּראָבלעמען, מיט פֿיל הומאָר און וויץ, און פּראַכטפֿול אויפֿגעפֿירט מיט א סך געשמאַק און קונסט. ווי דער „אהל”, אינגאַנצן אַן ארץ ישראל קינד. דאָרטן געבאָרן געוואָרן, דאָרטן זיך אַנטוויקלט, אויסגעלערנט זיך צו גיין מיט פֿעסטע שריט. ראַנגלט זיך מיט אָרעמקייט און וואַקסט אין זיין קונסט.

און אָט איז געבאָרן געוואָרן א נייער טעאַטער, פֿון שוי־שפּילער, וואָס זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן פֿון דייטשלאַנד. ווי זיי זיינען אריינגעקומען אין לאַנד, האָבן זיי זיך גענומען צו העברעאיש, און אָט שפּילן זיי שוין אין העברעאיש. זיי

האָבן אָנגעהויבן מיט שעקספּירס „אָטעלאָ“, און דער ישוב האָט באַוואונדערט זייער העברעאישע אויסשפּראַך, ווי אויך זייער קונסט. און זיי זיינען אים נישט צופיל.

נישטאָ פאַר אים קיין צופיל אין קולטור, און ער גאַרט שטאַרק נאָך אַן אָפּערע. ער האָט זיך געפּרואווט ווענדן צו זיינע ברידער אין אויסלאַנד: אפשר וועלן זיי אים פאַרהעלפן צו אַן אָפּערע. די ווענדונג האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָט ער געפּרואווט מיט אייגענע כוחות. עס האָבן געפעלט זינגער, עס האָבן געפעלט מוזיקער, אָבער עס איז געווען דער גרויסער חשק. און ווי נישט ווי האָט מען אויפגעפירט איבער צען אָפּערעס. דאָס איז נאָך געווען פאַר דעם גירוש דייטשלאַנד. היטלער האָט אריינגעוואָרפן אין לאַנד א סך גרויסע מוזיקער און זינגער, און דער קליינער ישוב חלומט שוין פון א גרויסער אָפּערע.

דערווייל האָט ער שוין זיין סימפאָנישן אָרקעסטער. אין די טעג פון באַמבעס און הריגות האָט מען געערדט וועגן טאָסקאַניגיס באַזוך. טאָסקאַניניס קאָנצערטן זיינען געווען פונקט אַזאַ דעראייגניש, ווי די דערעפנונג פון דעם פּאָרט אין תל אביב.

און אַזוי איז דער קליינער ישוב געוואָרן א לאַנד פאַר גאַסטראָלירנדיקע קינסטלער. פון אַלע לענדער קומען זיי אַהין, די גרויסע קינסטלער: זינגער, פידלער, פּיאַניסטן. קיינער פון זיי האָט נאָך נישט צוגעלייגט צו זיין רייזע. דער מוזיק־הונגעריקער עולם האָט אָפּגעריסן פון מויל און געצאָלט פאַר בילעטן. אָבער מער ווי געלט איז פאַר די קינסטלער ווערט געווען אָט דער איינדרוק פון מערקווירדיקן קונסט־הונגער.

פירהונדערט טויזנט מענטשן, פון וועלכע א סך צענדליקער טויזנט דאַרפן אַראָפּגערעכנט ווערן, ווי נישט־דערוואַקסענע. א העלפט פון די איבעריקע זיינען אַרבעטער, וואָס פאַרדינען נישט קיין סך, אפילו ווען זיי אַרבעטן. און אַזאַ קולטור־פאַרנעם!

ווי זאָל עס נישט באַזונגען ווערן!

# פעלער-אויסבעסערונג



| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| זייט 25, | שורה 15 | אויבן : | הרד הכרמל | דארף זיין : | הדר הכרמל. |
| " 30, | " 12 | אונטן : | האפטארבעטער | " " | האפנארבעטער. |
| " 38, | " 5 | " | לעבנדיקע, א סאָציאַליסטיש | " " | לעבנדיקע א סאָציאַליסטיש. |
| " 66, | " 8—9 | " | די דיקסטע | " " | די התפעלותדיקסטע. |
| " 198, | " 8 | " | דר. פלטוני | " " | דר. פלמוני. |
| " 202, | " 2 | " | נשר | " " | גשר. |

# אינהאַלט - פאַרצייכניש

## ארץ ישראל, זומער 1932


1. דער אריינפיר ז. 5
2. תל אביב " 11
3. ירושלים " 17
4. חיפה " 23
5. די אַרבעטערשאַפט " 29
6. פון תל אביב ביז פתח תקוה " 35
7. — — ביז וואַדי כאַוואַריט " 42
8. וואַלד - געזאַנג " 48
9. ביז צו די חסידים " 55
10. אויפן וועג צום „עמק" " 61
11. חלוצים - מוט " 67
12. שאָטן און ליכט " 73
13. ביים קוואַל פון זיג " 80
14. ווילן און אַנטשלאָסנקייט " 87
15. פראַגן און ענטפערס " 93
16. טבריה און צפת " 99
17. ביז כפר גלעדי " 105


## ארץ ישראל, זומער 1936


1. אַלץ און אַלעמען אויף להכעיס — נאָך ארץ ישראל ז. 115
2. תל אביב " 123
3. ירושלים " 132

4. חיפה „ 140

5. דאָס אַרבעטער־שטעטל קרית חיים „ 147

6. רחובות און איר אַרום „ 155

7. איין שוואַרצער פלעק און אַ סך ליכטיקייט „ 165

8. פון תל אביב ביז פּתח תקוה „ 173

9. „לידער פון ליכטיקן אויפבוי" „ 181

10. אויף אַ צווייטן באַזוך אין עמק יזרעאל „ 190

11. דגניה און איר אַרום „ 197

12. דער אַראַבישער שטרייק און די יידישע „הבלגה" „ 204

13. די דייטשישע יידן אין ארץ ישראל „ 212

14. קולטור־צושטאַנד אין ארץ־ישראל „ 220